# דער פראקטישער וועג־ווייזער און אינפארמאטאר פון ארץ־ישראל

רעדאגירט און צוזאמענגעשטעלט

דורך

מ. י. פרייד

1934

פערלאג: פוילישער ארץ־ישראל ללויד

# אינהאלט:

# אילוסטראציעם:





# באלפורס דעקלאראציע.

דער 2 נאוועמבער 1917 יאהר האט דאס ענגלישע אויסערן־מיניסטעריום אריינגעשיקט אויף דעם אדרעס פון לארד ראטשילד אין לאנדאן אזא בריעף:

מיט גרויס פארגניגען שיק איך אייך איבער, געעהרטער הערר לארד, אין נאמען פון זיין קעניגליכער מאיעסטעט די ביילגענדע דעקלעראציע, וואס איז א באוויז פון דער פריינדליכער באציהונג צו די ציוניסטישע שטרעמונגען, וועלכע זענען דורך מיר פארגעשטעלט און דורך די רעגירונג פון זיין קעניגליכער מאיעסטעט באשטעטיגט געווארען.

דער אינהאלט פון דער דעקלעראציע:

די רעגירונג פון זיין קעניגליכער מאיעסטעט זעהט גערן דאס אויפבוי פון א נאציאנאלע היים פאר דאס יודיש פאלק אין ארץ ישראל און וועט אנווענדען די בעסטע אנשטרענגונגען כדי צו דערלייכטערן די פארווירקליכונג פון דער אידעע. א אויסדריקליכער באדונג. אז ס׳וועט קיין זאך ניט געמאכט ווערען, וואס וואלט געקענט אנרירען די ציווילע און רעליגיעזע רעכט פון דער ניט יודישער געזעלשאפט, וועלכע וואהנט אין ארץ ישראל, אדער די פריוועלגיעס פון וועלכער ס׳איז פאליטישער שטעלונג, וואס די יודען געניסען פון זיי אין די לענדער, וואו זיי וואהנען.

פריינדשאפטליך

אונטערגעשריבען: ארטור דזעמס באלפור.

אין 1922 יאהר איז אין סאן־רעמא אויף דער קאנפערענץ פון דער פעלקער ליגע באשטעטיגט געווארען דער מאנדאט אויף ארץ ישראל דעד ענגלישער רעגירונג.






א מאפע פון ארץ־ישראל

# צען געבאט פאר די רייזענדער:

1) עהדער מען זעצט זיך אויף דער שיף, מוז מען גוט באטראכטען, אויב אלע פאפירען זענען אין פולען ארדנונג. אויסער דעם אויסלענדישען פאספארט מיט דער נעהעריגער וויזע פון דעם ענגלישן קאנסול אריינצופאהרען קיין ארץ ישראל, דארף מען שטענדיג האבען אונטער דער האנד די דאקומענטען, וואס דער ארטיגער פאלעסטינא־אמט האט מיטגעגעבען.

2) די האנד־געפעק קען מען נעהמען מיט זיך אין קאיוטא (דער פאסאזשיר באקומטביים אריינגאנג אין שיף א נומער אויף דעם פלאץ, וואס ס׳איז באשטימט פאר איהם צו שלאפען) גרעסערע באגאזשען נעהמט אן איבערצו־וואכען דער מאגאזין פון שיף.

3) קינדער ביז 3 יאהר, וועלכע פאהרען אונטער די אויפזיכט פון א אפיעקון, זענען פריי פון א שיפסקארטע, אין עלטער פון 3 ביז 12 יאהר, צאהלען זיי די העלפט, פון איבער 12 יאהר מוז די יוגענד האבען א אייגענע שיפס־קארטע.

4) די פאסאזשירען מוזען זיך געפינען אויפ׳ן שיף שפעטעסטענס א האלבע שעה פריהער, עהדער די שיף געהט אב. אין דער צייט פון ארויסגעהען אויפן שיף, אראבגעהענדיג, ווי אויך די גאנצע צייט פון דער רייזע אויפן ים אונטער־ליגט יעדער פאסאזשיר דער שטרענגער דיסציפלינע און באפעהלען פון קאפיטאן און זיינע געהילפען, מען דארף ניט פרעגען און הערען קיין שום עצות פון זייט־טיגע פריוואטע פערזאנען, נור מיט אלץ זיך ווענדען צו דער שיפס־קאמאנדא.

5) פאר א קליינע אבצאהלונג באקומט מען א לעהן־שטול (לעזשאק), אויף וועלכען ס׳איז זעהר אנגענעהם צו פארברינגען די צייט אויף דעם אויבערדעק פון שיף.

6) אויף יעדער שיף איז דא א שטענדיגער דאקטאר, וועלכער איז מחויב צו געבען הילף אומזיסט די פאסאזשירען, וואס ליידען פון א שוואכקייט אויפן שיף בעת דער רייזע.

7) דורך א ראדיא־טעלעגראף קען מען אין נויטפאל זיך פארשטנדיגען מיט דער גאנצער וועלט.

8) דער פאסאזשיר איז מחויב זיך צוצופאסען צו די גענויע שטונדען, באַ־שטימטע צום עסען (פריהשטיק, מיטאג, טעה־שעה און אבענדברויט). אריינקו־מענדיג אין עס צימער באדארף מען שטענדיג ווייזען די קארטע, וועלכע גיעט דאס רעכט צו געניסען פון עסען. אויף פארלאנג באקומען די יודישע פאסא־זשירען כשרה עסען.

9) ביים ארויסשטייגען פון שיף, דארף מען זיך פארהאלטען גאנץ רוהיג, ניט דענערווירען זיך, שטעהען אין די רייהע, וואס פיהרט אין זאל, וואו מען ערלעדיגט אלע פארט פארמאליטעטען (דער קאנטראל פון דער וויזע, די אונטער־זוכונג פון דאקטאר, צאלל פארמאליטעטען א. ד. ג.). נאך דעם ערלעדיגען פון

די אלע פארמאליטעטען אבפאהרען מיט א דאראזשקע אדער א אויטא אין האטעל אדער צו באקאנטע.

10) גלייך אויף מארגען נאכ׳ן אנקומען, איז מען מחויב צו מעלדען אין צאלל־אמט ביים פארט (פאלס מען איז געקומען מיט א שטענדיגען סערטיפיקאט אלס קאפיטאליסט, בעל מלאכה, חלוץ, אדער די וואס קומען אויף א דרישה פון קרובים) אלע זאכען, וואס האבען נאך אנצוקומען שפעטער פאר׳ן אימיגראנט. אין דער מעלדונגס דעקלאראציע דארף מען אנגעבען אויף ענגליש אדער העב־רעאיש גענוי די צאהל און דעם אַרט פון די געפעק, ווי אויך דעם אינהאלט פון זיי. אויף דעם סמך צאהלט דער אימיגראנט ניט קיין צאלל פון זיינע זאכען, וועלכע קומען אן אין ארץ־ישראל ניט שפעטער ווי 90 טעג, נאכדעם ווי ער איז אנגעקומען. האט ער פערשפעטיגט צו מעלדען פארלירט, ער דעם זכות און מוז פאר אלץ באצאהלען צאלל.



תל־אביב אויפ׳ן ערשטען בליק פין ווייטען

## ארץ־ישראלדיקע מטבעות און געלדער:

די קלענסטע קופפערנע מטבע איז איין מילים, סזענען אויך פארהאן קופ־ערנע צוויימילים־שטיק און ניקעלנע שטיק צו 5 מילים (האלבען פיאסטער) 10 מילים (1 פיאסטער) 20 מילים (2 פיאסטער) און זילבערנע 50 מילים (1 שי־לינג) אויסערדעם קורסירען פאפירענע געלדער:

האלב־פונטיגע, פונטיגע, 5 פונטיגע, 10 פונטיגע, 50 פונטיגע, דאס גרעסטע פאפיער־געלד, וועלכען מען טרעפט זעהר זעלטען אין פארקעהר, איז א הונדערט־פונטיגע.

א ארץ ישראלדיגער פונט (לא״י) צוטיילט זיך אויף 20 שילינג, אדער 100 פיאסטער (גרוש), 1000 מילימען. די אויפשריפטען אויף אלע געלדער זענען גע־דרוקט אין די דריי אפיציעלע שפראכען: ענגליש, אראביש און העברעאיש.

מ א ס ן: אפיציעל פארפליכטען אין ארץ ישראל דער מעטרישער סיסטעם, אבער ס׳איז אויך אנגענומען די מאס פון

1 פיק, וועלכער טיילט זיך אויף 75,8 צענטימעטער

1 דונאם האט 1000 מעטר ? = 0,23 אקר.

ג ע ו ו י כ ט: אויסער די קילא־רעכנונגען פון אויסער פאלעסטינא, ווערען נאך געברויכט

א ראטעל, וועלכער טיילט זיך אויף 2 אקעס = 800 גראם אדער 2,564 קילא

א קאנטאר וועלכער טיילט זיך אויף 100 ראטעל = 256,4 קילא.

ד י פ א ס ט: פאסטמארקען אין ווערט פון 100, 90, 50, 20, 15, 13, 10, 8, 7, 6, 5, 4, 3, 2 און 200 מילים.

די אויפשריפטען עבענפאלס אין אלע דריי אפיציעלע שפראכען.

אויף א געוועהנליכען בריף אין לאנד און מעבר לירדן קלעבט מען א 5 מילים מארקע, קיין ענגלאנד א 7 מילים מארקע, קיין אלע איבריגע לענדער פון דער וועלט א מארקע פון 15 מילים, א פאסטקארטע אין לאנד 4 מילים, אויס־לאנד 8 מילים. אין לאנד קען מען אויך שיקען פעקליך סחורה מיט א נאכנאהמע, מען קען זיך אויך באדינען מיט פאסט־אנווייזונגען, קיין אויסלאנד קען מען איבער־ווייזען געלד נור אין ווערטבריף, אין ספעציעלע דערצו באשטימטע קאנווערטען.

ט ע ל ע ג ר א ף:

יעדעס ווארט אין לאנד קאסט 5 מילים, קיין סיריען — 15 מילים, קיין מצרים און עבר־הירדן 16 מילים. מען קען שיקען אזוי־גערופענע ביליגערע נאכט־דעפעשען מיט דער באצייכנונג LPD, קיין פוילען צוםביישפיעל קאסט א ווארט לויט דער ביליגערער נאכט־טאקסע 35 מילים.

ט ע ל ע פ א נ ע ן:

אויף א נייעם אפאראט דארף מען זעהר לאנג ווארטען, ס׳זענען דא פאללען, ווען מעןווארט אויף א טעלעפאן־אפאראט א יאהר צייט. דאס אינסטא

לירען פון אפאראט קאסט 5 פונט, קווארטאל־אבאנאמענט 2,500 לא״י. א געשפרעך אין שטאדט — 1 פיאסטער; צווישען חיפה און ירושלים — 8 פיאסטער; צווישען תל־אביב און אנדער שטעדט — 6 פיאסטער פון יעדען געשפרעך אין פארלויף פון 3 מינוט.

## סטעמפעל־מארקען:

צו יעדער שריפטליכער פארפליכטונג מוז מען קלעבען 50 מילים מארקען. יעדע קוויטונג אדער רעכנונג איבער 2 פונט מוז האבען אויף זיך מארקען אין ווערט פון 7 מילים (ס׳קען זיין אויך אין פאסט־מארקן);

| | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וועקסעל | | ביז | 20 | פונט | — | 10 | מילים |
| ״ | פון 20 | ביז | 40 | ״ | — | 20 | ״ |
| ״ | פון 40 | ביז | 60 | ״ | — | 30 | ״ |
| ״ | פון 60 | ביז | 80 | ״ | — | 40 | ״ |
| ״ | פון 80 | ביז | 100 | פונט | — | 50 | מילים |

העכער 100 פונט — פאר יעדע אנגעהויבענע נייע 100 פונט — 50 מילים.

## אויטאבוסען־פארקעהר:

ארץ־ישראל האט זיך פיעל פארשפעטיגט מיט א געהעריגען באהן־פארקעהר, די טערקישע רעגירונג האט זיך נישט געאיילט דורכצופיהרען אייזען־באהנען און טונעלען צווישען די גרויסע בערג, אפילו איינפאכע וועגען פאר פערד און דיליזשאנסען זענען ניט געווען. דער אראבער געהט נאך עד היום על פי רוב צו פוס, און זיין אייזעל אדער קעמעל שלעפט די שווערע משאות דורך שטעגען צווישען די בערג. ערשט נאך דער מלחמה, א דאנק דער יודישער ענערגיע, האבען די ענגלענדער געשאפען גוטע צענטראלע שאסעען, און דער יודישער ישוב האט צוגעבויט די זייטיגע שאסעען. די שאסעען, וועלכע זענען געבויט לויט די מאדערנסטע פלענער, אלע געדעקט מיט א גוטען אספאלט, צוגע־פאסט צו די באדינגונגען פון די מזרח־לענדער האבען מעגליך געמאכט, עס זאל זיך פארברייטערען א גאנצער נעץ פון אויטאבוסען. די יודען ווי אויך די אראבער פאהרען גערנער מיט די לוקסוס־אויטאבוסען, ווי מיט דער באהן. פון תל־אביב קיין ירושלים און צוריק קורסירען יעדע פערטיל שעה, אנהויבענדיג פון 6 דעם זייגער אין דערפריה ביז 7 אין אווענד פארשידענע גרויסע אויטא־בוסען לויט די נייעסטע פראנצויזישע און שווייצארישע מאדעלען. א בילעט הין און צוריק (ער דיענט אויף א אונבאגרענצטע צייט) קאסט 18 פיאסטער (אונגעפעהר 5 פוילישע גילדען). די רייזע קיין ירושלים דורך די שעהנע געגענדען און בערג דויערט אנדערהאלבען שעה. ס׳איז אויך פארהאן א שטענדיגע באקוועמע אויטא־בוסען קאמוניקאציע צווישען תל־אביב און די קאלאניעס אין אלע ריכטונגען, צווישען ירושלים און די פארשטעדט, ביז דעם ים המלח, וואו מענשען פאהרען גערן נעמען די ספעציעלע זאלץ־בעדער, ווי אויך צווישען חיפה און דעם עמק. אין די גרעסערע שטעדט, קורסירען פאסאזשיר־אויטאבוסען, א בילעט קאסט א האלבען פיאסטער (א ערך 15 גראשען) אין איין ריכטונג.

# א רייזע־פּלאַן פאַר א עקסקורסיע אויף 10 טעג:

דער ערשטער טאג פרייטאג פון פארט אין שטאדט תל־אביב.

שבת פארמיטאג באזוכען אין די שולען: די גרויסע סינאגאגע, די ספרד'ישע שול א. ז. וו., נאכמיטאג מיטמאכען דעם «עונג שבת» אין «אהל שם», און נאכדעם א שפאציער על שפת הים.

זונטאג פארמיטאג פון 9 אין דער פריה באקוקען די שטאדט, נאכמיטאג א רייזע קיין פתח־תקוה דורך די פארשטעדט שכונות מאנטיפיארע, ברוכוב, רמת־גן, בני־ברק, עין־גנים א. ז. וו..

מאנטאג: א רייזע קיין ירושלים דורך מקוה־ישראל, ראשון־לציון (באזוכען דעם יקב), נאכמיטאג אנזעהען די קאלאניעס נס־ציונה, רחובות, די קבוצות גבעת ברנר, קבוצת שילר, בן־שמן, קרית־ענבים, מוצא. מען נעכטיגט אין ירושלים.

דינסטאג פארמיטאג אין דער אלטשטאדט, דער מעטשעט עומאר, אל־אקסא, דעם ארט פון בית־המקדש, דעם כותל המערבי, וויא דע־לא־ראזא, הר ציון. נאכמיטאג א רייזע קיין יריחו, ים המלח, קאליא.

מיטוואך פארמיטאג אין די יודישע אינסטיטוציעס. אוניווערזיטעט, נאציאנאל־ביבליאטעק, סוכנות, קרן־קימת (הרצל צימער), קרן־היסוד, רחביה, די שפיטעלער פון «הדסה», שטראוס א. א.. נאכמיטאג: «בצלאל», הר־הזיתים, א רייזע קיין בית־לחם, אויף צוריקוועגס קבר רחל, תלפיות.

דאנערשטאג: פון ירושלים קיין טבריה דורך ראמלה, שכם, ג'נין און עפולה, א רייזע קיין עין־חרוד, בית־שאן, תל־אור, רוטענבערגס עלעקטרישע סטאציע, דגניה, כנרת טבריה.

פרייטאג: פון טבריה דורך ראש־פנה קיין צפת, אין דער אלט־שטאדט, צוריק דורך עכו קיין חיפה.

שבת: אברוה, א שפאציער אויפן בארג כרמל.

זונטאג: א רייזע קיין וואדי־חאווארית, באזוך אין כפר וויטקין, צוריקוועגס דורך חדרה, גן־שמואל, זכרון־יעקב, חיפה.

מאנטאג: פאר מיטאג באזוכען די שטאדט, טעכניקום, רעאל־שולע, הר־הכרמל און די פאבריק «שמן». נאך מיטאג א רייזע קיין נהלל, נצרת, די פאבריק «נשר», עטלית. די מארשרוטען קענען געענדערט ווערן אין פארקלענערט.

דער פלאן איז צוגעשטעלט דורכדאס רייזע ביורא: אריענט־ללאיד אין תל־אביב, אלענבי 53.



די שכונה „נורדיה«



דאס פאקען די פאמעראנצען אין רחובות

ל. י.

# בויעז דאס לאנד אויף אלע געביטן!

## א קורצע איבערזיכט, וואס דער קרן היסוד טוט אויף אין ארץ־ישראל.

די אידישע ארץ־ישראל, אזוי ווי מען זעהט זי איצט, מיט איהר פערצוויינ־טער ווירטשאפט, מיט איהר ריין אידישן קולטורעלן לעבן, וועלכער איז פאראיי־ניגט סינטעטיש און זויגט פון דעם אוראלטן אידישן קוואל, מיט איהרע גרויסע דערגרייכונגען אויף אלע געביטן און מיט איהר לעבנס־שטייגער פון א קליינער מלוכה — אין דעם אלעמען איז דער חלק פון קרן היסוד אן איבערוויגנדער.

און פון דעם עבר אויף דעם עתיד: דאס ווערק איז נאך ווייט ניט פארענדיקט, אין יעדן ווינקל, וואו מען זעהט די רעזולטאטן פון אידישן ווילן און ענערגיע, זעהט מען דארטן אויך די דרינגלעכע נויטוועגדיגקייט אנצוגעהן ווייטער מיט דעם בנין. עס האט דעריבער קיין טעם ניט די פאלעמיק וועגן דעם, אויב דער נאציאנאלער קאפיטאל איז נאך נויטיק. דאס צייגט נאר, אז דער פארזוך פון דער נאהענטער פארגאנגענהייט איז ניט אויסגענוצט געווארן אין דער פולער מאס, כדי צו פארשטעהן די אויפגאבען פון דער נאהענטער צוקונפט.

איז טאקע דאס אויסגעבויטע און געשאפענע עקאנאמיש זעלבשטענדיק, אבער עס זענען נאך פארהאן צווייגן און געביטען, וואס נויטיגן זיך נאך אין דער הילף פונם נאציאנאלן קאפיטאל. און ווידער ניט דאס פערטל מיליאן אידן, וואס איז שוין פארהאן אין ארץ־ישראל, איז דער ענדעציעל פונם ציוניזם און ניט פאר איהם דארף זארגן דער נאציאנאלער קאפיטאל — דער קרן־היסוד, נאר ער דארף זארגן פאר די, וואס וועלן קומען; ער דארף זארגן מען זאל ווייטער בויען און שאפן, אז דאס אידישע פאלק זאל ענדליך א מאל האבן אנאייגענעם ווינקל.

דער קרן־היסוד האט ביז איצט אויסגעגעבן ביי א האלבן מיליאן פונט אויף אימיגראציע און די וויכטיגקייט פון אט דער הוצאה און די באדערפעניש זענען איצט זיכער ניט קלענער ווי צוריק מיט צעהן יאר. קיינער אויסער דעם קרן־היסוד וועט ניט איבערפירן קיין ארץ־ישראל די צעהנדליגער טויזנטער חלוצים, וואס ווארטן אין גלות, און קיינער וועט ניט זארגן פאר זייער איינוואנדערונג אין לאנד.

לעצטנס קומען יעדן מאנאט פון 2000 ביז 4000 אימיגראנטן און דאך זענען אלע קינדער פון שול־עלטער באלד איינגעארדנט געווארן אין די שולן. דאס קען מען אויספיהרן נאר א דאנק דעם, וואס עס איז פארהאן א גרויסע שול־נעץ, נאר

א דאנק דעם, וואס דער קרן־היסוד האט אויסגעגעבן אויף ערציהונג ביז א מיליאן פונט, און דעקט נאך ווייטער א גרויסן טייל פונם שול־בודזשעט פאר באלד 300 לעהר־אנשטאלטן מיט איבער 900 לעהרער און ביי 25000 שילער.

און דער גוט אוועקגעשטעלטער שול־וועזן האט געבראכט צו דעם, אז די רעגירונג באטייליגט זיך אין זיין אויסהאלטן מיט 25000 פונט א יאהר, דער ישוב זעלבסט מיט 30.000 און די פיק״א מיט 6.000 פונט יעהרליך. אויך די העברייאישע אוניווערזיטעט, וועלכע דער קרן־היסוד האט אין אנפאנג געשטיצט מיט 50.000 פונט זאמלט איצט זעלבסט 50.000 פונט א יאהר.

ע ר ד ־ א ר ב ע ט, שאפן א געזונטן אידישן ערד־ארבעטער־קלאס איז די צענטראלע פראבלעם פונם ציוניזם. דער קרן־היסוד האט אויסגעגעבן איבער 32 פראצ. פון די געזאמעלטע דורך איהם 5 מיליאן פינט (ביי 1,600,000 פונט) אויף לאנדווירטשאפט און מיט דעם האט ער געלעגט דעם פונדאמענט פאר א ווירקליכן פויערים־קלאס. ער האט געגרינדעט און געשטיצט 57 קאלאניעס און לאנדווירטליכע פונקטן, ער האט געשאפן די לאנדווירטשאפטליכע פארזוך־סטאנציע, וועלכע האט אומגעהויערע פארדינסטן פאר דער אידישער קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל; ער האט איינגעארדנט 13.000 אידישע ארבייטער אין די אלטע אידישע קאלאניעס. איצט בעארבייטן אידן מיט אייגענע הענט דעם באדן. אקערן, זעען און שניידן, פראדוצירן ברויט. בלויז מילך, אייער, פרוכט און גרינצייג ווערן פון אט די קאלאניעס אפגעזעצט בערך אויף 200.000 פונט א יאהר.

אבער דאס איז ערשט אנאנפאנג. גאנצע געגנטן, וויסטע און פארלאזענע, שטעהען אוןווארטען. די אידען קענען זיך פון זיי ניט אבזאגן. זיי וועלן זיי מוזן באלעבן און באזעצן, און דאס קען באוויזן נאר דער נאציאנאלער קאפיטאל, ווייל דער פריוואטער קאפיטאל וועט אין אזעלכע ערטער קיינמאל ניט געהן.

אויף יעדן געביט האט דער קרן היסוד געלעגט דעם פונדאמענט. געשאפן די פארבינדונגען צו א ברייטער אנטוויקלונג. ער האט באזרגט די שטאדט און די אינדוסטריע מיט ליכט און מיט קראפט, ווייל ער האט אינוועסטירט איבער 100,000 פונט אין דער עלעקטראציטעט־קאנצעסיע פון רוטענבערג. נאך דעמאלט, ווען קיינער האט דארויף קיין געלט ניט גיוואלט געבן. דאס זעלבע מיט דער קאנצעסיע פונם ים המלח. ער האט אויסגעגעבן איבער א האלבן מיליאן פונט אויף עפענטליכע ארבייטן, דורכגעלייגט גאסן אין די נייע אידישע קווארטאלן, געבויט הייזער פאר שולן, אויסגעבילדעט דעם אידישן ארבייטער, ער זאל קענען ארייגדרינגען אין אלע ארבייטספאכן פון לאנד. ער האט אויסגעגעבן ביי 300,000 פונט אויף געזונטהייטס־וועזן, אויסער דער «הדסה»; ער האט געשטיצט די אינדוסטריע און דעם האנדל; ער האט אינוועסטירט באדייטנדע סומען אין היפאטעקןבענק און געשטיצט מיט הלוואות פארשידענע אונערנעמונגען. ער האט אויסגעגעבן 90,000 פונט אויף רעליגיעזע אינסטיטוציעס. אויסער דעם וואס א דריט חלק פונם מיליאן פאר ערציהונג איז אויסגעגעבן געווארן אויף די שולן פון «מזרחי». ער האט אויך אויף באדן־ערוועדבונג אויסגעגעבן 200,000 פונט, ווען ער האט

באצאלט די געלט־פארפליכטונגען פון דער אמעריקאנער געזעלשאפט «קהלות־ציון», און ווען ניט דער קרן־היסוד וואלטן די באדנס מיט די אידישע געביידעם אויף זיי צוריק איבערגעגאנגען אין באזיץ פון זייערע פריהערדיקע אראבישע בעלי־בתים.

די ליסטע איז נאך לאנג, שווער אלעס אויסצורעכענען. דאס איז א גאנץ לאנד מיט א פארצווייגטער ווירטשאפט און אין יעדן ווינקל, אין יעדן צווייג זעהט מען, ווי דער קרן־היסוד האט געטראגן דעם ערשטן וועג און מען זעהט קלאר, ווי וויכטיג זיין ראל אין דעם אויפבוי פון לאנד איז נאך ניט פארענדיקט.

זאלן זיך זיינע הכנסות פארגרעסערן, וועט עס לייכטער זיין איינצוארדנען נייע צעהנדליגער טויזענד עולים, וועלכע וועלן זיך קיין מאהל אליין קיין עצה ניט געבן, וועט דער קרן היסוד אים שטאנד זיין צו קומען מיט הילף דער פאב־ריקאציע פון תוצרת הארץ, וועט זיך עפענען א פרישע עקספאנזיע פאר נייעם פריוואטן קאפיטאל, ביי אונזער שווערע קאלאניזאטארישע באדינגונגען קען פארלייכטערן די מעגליכקייטען מיט הילף פון אפאלקס־פאנד, וועלכער ווייזט דעם וועג זיך צו אנטוויקלען. אין קרן היסוד איז די האפנונג פון דארף און שטאדט.



דאס דארף ג׳ון

# מיר בויען ארץ־ישראל!

דער קרן היסוד, דער ארץ ישראל־אויפבוי־פאנד, געגרינדעט אין יאהר 1920, האט אין בערך 60 לענדער געזאמעלט ביז דעם 30־טען סעפטעמבער 1933 — 4,950,000 פונט.

דער קרן היסוד האט אויסגעגעבען:

אויף אימיגראציע 445,000 פונט; זייט דעם קריעג האבען איינגעוואנדערט קיין ארץ ישראל 144,500 אידען;

אויף לאנדווירטשאפט 1,563,000 פונט; געגרינדעט 58 קאלאניעס און די לאנדווירטשאפטליכע פארזוך־סטאנציע;

אויף אריינפירען 14,000 אידישע ארבייטער אין די אלטע קאלאניעס; די אידישע דארפס־באפעלקערונג צעהלט איצט 55000 נפשות;

אויף ווירטשאפטליכער אויסבילדונג פון די ארבייטער און אויף ביליגע ארבייטער־וואוינונגען 90,000 פונט;

אויף עפענטליכע ארבייטען אין שטאדט און אין דארף 523,000 פונט;

אויף גרינדען די היפאטעקען־באנק 51,250 פונט; זי האט ביז איצט געגעבען הלוואות 386,000 פונט;

אויף הלוואות פאר אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען 50,000 פונט און אינוועסטירט אין ביליגען קרעדיט־אינסטיטוציעס 183,000 פונט;

אויף רוטענבערגס עלעקטראציטעט־געזעלשאפט אלס אינוועסטירונג 103,000 פונט און איז אויך איינער פון די גרינדער פון דער פאטאש־געזעלשאפט;

אויף מעדעצינישע הילף (אויסער דער «הדסה») 295,000 פונט;

אויף ערציהונג (די העברעאישע שול־נעץ באשטעהט פון 272 לעהר־אנשטאלטען מיט 930 לעהרער און 24000 שילער) 977,000 פונט;

אויף רעליגיעזע צוועקען 93,000 פונט;

אויף באדען־ערווערבונג 260,000 פונט;

אויף עפענטליכע געביידעס, געביידעס פאר שולען, חיפה׳ער טעכניקום, אימיגראנטען־הייזער, שפיטאלען א. א. וו.

אויף אויסצוהאלטען דעם פאליטישען דעפארטאמענט פון דער אידישער אגענץ;

אויף אנטוויקלען א קאלאסאל׳ע פראפאגאנדא־ארבייט, וואס נעהמט ארום די גאנצע אידישע וועלט;

אויף באלעבען דעם אידישען טוריסטען־פארקעהר.

און נאך און נאך.

איצט שטעהען פאר דעם קרן היסוד גרויסע נייע אויפגאבען. מיר זענען ניט פארטיג מיט אונזער ארבייט. מיר בויען ארץ ישראל!

ד״ר יהושע זימאן

# וואס האט אויפגעטון דער קק״ל?

גלייך ווי עס האט זיך אנגעהויבען די באוועגונג פון «חבת־צנון» האבען די פירער זיך אבגעשטעלט אויף דעם געדאנק, אז ס׳וואלט גוט געווען צו שאפען א פאלקס־פאנד, וועלכער זאל אויסלייזען די ערד פון ארץ ישראל, אבער אויף אזא אַרט, זי זאל ניט ווערען א אביעקט פון ספעקולאציע, נור אלס רעזערוו, וועלכער זאל פארזיכערן די סטאבילע קאלאניזאציע פון די אידען.

די אידעע פון קרן קימת איז ענטשטאנדן מיט פיעל יאהרען פריהער, ווי זיין פארווירקליכונג. דער גייסטיגער פאטער דערפון איז געווען ד״ר הערמאן שאפירא זכרונו לברכה, א פראפעסאר פון מאטעמאטיק אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט, ער האט צום ערשטען מאהל רעפערירט וועגן דעם אויף דער קאטאוויצער קאנפערענץ אין 1884, און מיט פיעל יאהרען שפעטער אוף דעם ערשטען ציוניסטישען קאנגרעס אין באזעל איז ער ווידער געקומען מיט זיין רעפעראט און פארגעלייגט צו שאפען א נאציאנאל־פאנד. ער האט געחלומט וועגען גרויסע קאפיטאלען, און לויט זיין פראיעקט האט דער פאנד ניט געזאלט אנהויבען זיין טעטיגקייט, עהדער, ווי מען וועט צוזאמענקלייבען ווייניגסטענס דעם ערשטען מיליאן פונט. דעמאלט האט עס אויסגעזעהען ווי א איבערטריבענע פאנטאזיע, דאך אבער האט מען איהם ערנסט אויסגעהערט. ליידער האט דער חשובער פראפעסאר ניט דערלעבט צו זעהען, ווי זיין חלום ווערט פארווירקליכט. ניט אזוי לייכט אבער איז עס געשעהען, די ערשטע יאהרען פון די קאנגרעסען האט ד״ר הערצל צוזאמען מיט דער גאנצער ציוניסטישער ארגאניזאציע געווענדעט די גאנצע ענערגיע אויף צו פארפעסטיגען די קאלאניאל־באנק, ערשט אויף דעם 5־טען קאנגרעס אין 1901 איז דורך דעם קאנגרעס ענדליך אנגענומען געווארען דער באשלוס צו גרינדען א אינסטיטוציע פארן נאציאנאל־פאנד און אין 1907 איז ער געווארען אפיציעל רעגיסטרירט אלס זעלבשטענדיגע געזעלשאפט אין לאנדאן מיט דעם נאמען «קרן קימת לישראל» אדער אויף ענגליש Jewish National Fund. גלייך ביים אנהויב האט מען זיך שוין געקענט איבערצייגען, ווי דער קק״ל געווינט די גרויסע סימפאטיע פון די ברייטעסטע יודישע מאסען. די אבצייכנונגען פון די נאציאנאל־פאנד מארקען, וועלכע זענען געווארען פארקויפט ביי אלע געלעגענהייטען פון גרעסערע ציוניסטישע צוזאמענקומען, די ווייס בלויע פושקע, וועלכע האט זיך ביסלעכווייז איינגעבירגערט, כמעט אין יעדען יודישען הויז, האבען געבראכט פון די געזאמעלטע גראשען־נדבות, די באשיידענע אבער דאך וויכטיגע קאפיטא־

לען, וואס האבען געמאכט מעגליך אנהויבען די ערשטע קניות. ווען דאס געלד איז שוין געווען, האבען זיך באוויזען נייע שטערונגען. דאס לאנד געפינט זיך אונטער דעם שטרענגען דעספאטישען טערקישען רעזשים, וועלכער קוקט זעהר קרום אויף דעם, יודען זאלען ערווארבען ערד אין ארץ ישראל. מען מוז אלזא זוכען פערשידענע זייטיגע וועגען, כדי די שטערונגען אויסצומיידען, אויסער דעם פעהלט אויך דער געאייגנעטער מענשען־מאטעריאל, וואס זאל זיין פעהיג די ערווארבענע ערד צו באארבייטען. מיט דעם קויפען פון די ערשטע 2.000 דונאם אין כפר חטין, הויבט זיך אן א נייע תקופה אין דער געשיכטע פון דער יודישער קאלאניזאציע אויף דעם נאציאנאלען באדען. אין דער זעלבער צייט ווערט אויך ערווארבען די ערד פון חולדה און בן שמן אין יהודה, דגניה און כנרת אין עמק הירדן, שפעטער ווערען זיי פערוואנדעלט אין ארבייטער־קאאפעראטיווען, ווי אויך מרחביה אלס ערשטער צוטריט צום עמק יזרעאל, ביז דער גרויסער וועלט מלחמה האט דער קרן קימת ערווארבען 21.000 דונאם ערד אין ארץ ישראל. די בלוטיגע גרויסע וועלט מלחמה, אין וועלכער ס'איז אויך אריינגצוינען געווארען די טערקישע מלוכה, האט אבגעהאלטען די וואכסעגדע אנטוויקלונג פון קק״ל. דעמאלט האט מען געמוזט די גאנצע ענערגיע און אלע מיטלען אנווענדען, כדי אויפצוהאלטען פארשידענע געזעלשרפטליכע ארבייטען, וואס גיעבען די מעג־ליכקייט צו באשעפטיגען די נויטליידענדע ארבייטער, אזיף אזא ארט האט דער קק״ל אין דער צייט פון דער מלחמה געראטעוועט ניט בלויז דעם ישוב, ער זאל אין גאנצען ניט חרב ווערען, נור אויך מיטנעהאלפען דער יודישדר געזעלשאפט צו באשעפטיגען די ארבייטסלאזע און געזארגט דערפאר, אז אין דעם גרויסען קריטישען צושטאנד, אין וועלכען דאס לאנד האט זיך געפונען, צוליעב די מלחמה אפעראציעס, זאל ניט פארפעהלען די נויטיגע שפייזונג ווי תמואה, גרינ־סעז א. א. וו.



די גרופע גורדוניה אין ראשון־לציון

אויך נאך דער מלחמה, ווען ארץ ישראל איז געווען אקופירט פון דער ענגלישער מיליטער, און די עמיגראציע איז געווען כמעט ווי געשלאסען, האט מען נאך אלץ ניט געקענט טראכטען וועגן נייע קניות. ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 1920 יאהר, ווען מען האט איינגעפירט די ציווילע פארוואלטונג פון לאנד, האט זיך געעפענט א מעגליכקייט פון א ברייטערע קאלאניציע, וואס האט געגעבען א שטויס דעם קק״ל צו פארגרעסערן זיין ערדפארמעגען פון 19.000 דונאמען אלטער מאס פון פאר דער מלחמה אויף 329.000 היינטיגע נייע מע־טרדונאמען.

אלס כאראקטעריסטיק גיעבען מיר דא א קורצע טאבעלע פון די ערוואר־בענע דורך דעם קק״ל שטרעקען אין פערשיעדענע 5 עפאכען:

| | | |
|---|---|---|
| פון 1902—1907 | — | — |
| ״ 1908—1913 | ערווארבען | 19.000 דונאמען. |
| ״ 1914-1919 | — | — |
| ״ 1920—1926 | ערווארבען | 158.000 מעטרדונאמען |
| ״ 1927—1933 | ״ | 152.000 ״ ״ |
| צוזאמען אלזא ערווארבען | | 329.000 מעטרדונאמען |

די גלענצנדע עפאכע פון נאך דער מלחמה, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט גרויסע דערגרייכונגען, הויבט זיך אן מיט דער ציוניסטישער קאנפערענץ אין לאנדאן (יאהר 1920), וועלכע האט צוריקגעגעבען דעם קק״ל זיין פריהידיגען כא־ראקטער, זיך ספעציעל צו באשעפטיגען מיט באדען־איינקויף. דער גרעסטער אויפטו פון דער עפאכע איז דאס אויסקויפען פון דעם עמק יזרעאל, דעם פרעכטיגען גלאנץ פון דער נאציאנאלער קאלאניזאציע. דער ערשטער נציב פון ארץ־ישראל הערבערט סאמואל, שרייבט אין זיין אפיציעלען ראפארט פאר דער צייט פון 1920 ביז 1925 יאהרען די דאזיגע באדייטענדע ווערטער:

— ווען איך האב צום ערשטען מאל דערזעהען דעם עמק אין יאהר 1920 איז ער געווען אין גאנצען וויסט און אבגעלאזן. וואו ניט וואו, גאנץ ווייט איינער פון אנדערן, האט מען געקענט באמערקען אויף די הויכע שפיצבערגען פיער אדער פינף קליינע און שמוציגע אראבישע דערפלאך, די גאנצע גרויסע שטרעקן אבער רינגס ארום, זענען קאמפלעט ניט געווען באוואהנט, ס׳איז ניט געווען צו זעהען ניט קיין הויז ניט קיין בוים. ווען די כעדזשאסער באהן האט זיך אבגע־שטעלט אויף א סטאציע, איז קיין פאסאזשיר ניט אויסגעשטיגען און ניט אריינגע־זעצט זיך, דער טייך קישון, וואס לויפט דורך דעם עמק און די גרויסע בערג־קוואלען, פון וועלכע ער שעפט זיינע וואסערן, האבען פארגעשטעלט מיט זיך א רייהע זומפען און בלאטעס, וועלכע האבן פארשפרייט אויפן גאנצען גע־גענד כלערליי פיבער און מאלאריע, אויף דעם גאנצען עמק האט זיך געפונען נאך פון פאר דער מלחמה די איינציגע איינזאמע קבוצה מרחביה, אויסער איהר האבן יודען קיין דריסת הרגל ניט געהאט אויף די עמק־ערד.

אין 1920 יאהר האט דער נאציאנאלפאנד אנגעהויבן זיין ריזען־ווערק אויסצולייזען דעם עמק. צום אנהויב איינגעקויפט 4.000 דונאם און דעם קנויל «נהלל» און דעם קנויל "נוריס". און אזוי מיט יעדן יאהר וועט דער פארנעהם גרעסער, אזוי אז ביי היינטיגען טאג געהערט צו דער יודישע נאציע 200.000 דונאם ערד פון דעם עמק־באדן. אין דערזעלבער עפאכע, ווערן דורך דעם קק"ל אויסגעטריקענט אלע זומפען, דעם אמאליגען נעסט פון די פיבער־מגפות, יעטצט בליהט דארט אלץ פון דאס ניי.

אצינד טרעפט מען אין עמק 30 קאלאניזאציאן־פונקטען מים 22 ווירט־שאפטסקאאפעראטיוען, ווי אויך 600 אינדיווידועלע ווירטשאפטען, אויף וועלכע ס'לעבט א ישוב פון איבער 6,000 נפשות.

די לעטצטע עפאכע הויבט זיך אן אין 1925 יאהר. מיט דעם אויסלייזען פון דעם מפרץ חיפה־עכו (עמק זבולון) וואס האט א באזונדערע באדייטונג צוליעב דעם ניט לאנג פארגרעסערטען חיפה־פארט. נאך דעם ערשטען איינקויף פון 10.000 דונאם אויף דעם געגענד אין יאהר 1925 זענען צוגעקומען אין יאהר 1929 נאך 21.000 דונאם, אזוי, אז יעטצט איז כמעט דער גאנצער חיפה־אויסגוס און אייגענטום פון קק"ל. דער באדן ווארט נאך אויף א ראציאנאלען אויסנוטצונג, וואס וועט קומען פאראלעל מיט דער אנטוויקלונג פון דעם פארט חיפה.

אין די לעטצטע יאהרען, ווען דער עולם האט זיך איבערגעווארפען אויף פלאנטאציעס פון צוטרוסען (פארשיעדענע סארטען פאמעראנצען) איז אויך דער נאציאנאלפאנד ניט אבגעשטאנען צו שאפן א רעזערוו פון באדן, צוגעפאסט פאר ציטרוסן־פלאנטאציעס. דער גרויסער איינקויף אויף דעם "געביעט זענען געוועזן די 31.000 דונאם אויפן באדן פון וואדי־כאווארים, און דעם הארץ פון השרון, ווי



די קאלאניע "עין חרוד"

אויף די 6000 דונאם ערד אין דער ראיאן פון תל־מאנד (די בארימטע פרדסים פון לארד מעלטשעט). אויסער דעם זענען אויף ערווארבען געווארען 2000 דונאם אין דער נאהענט פון די אלטע פרדסים, כדי צו באזעצען אויף זיי די ערדארביי־טער פון די קאלאניעס, וועלכע וועלען קענען אויף אזא ארט מיט דער צייט ווערן זעלבסטשטענדיג, אדער האבן א נעבן־באשעפטיגונג, וואס זאל זיי ערלייכטערן די עגזיסטענץ. די ערד פאר פלאנטאציעס איז אויך געאייגנעט פאר׳ן מיטלשטאנד, וועלכע פארמאגען אליין ניט אלע נויטיגע געלד־מיטלען, סך הכל פארמאגט יעטצט דער קק״ל 170.000 דונאם פלאנץ־באדען.

ווען מיר שטעלען זיך אב עטוואס גענויער אויף די לעטצטע צוויי עפאכען פון דער אויבען־געבראכטער טאבעלע, זעהען מיר אז אויפ׳ן ערשטען בליק איז דו צאהל פון די געקויפטע דונאם כמעט איינס און דאס דאסזעלבע, דערפאר אבער איז דער ווערט פון באדן פון דער צווייטער עפאכע א פיעל גרעסערער אין דעם פינאנציעלן זין. אויף 157.000 דונאם אקערבאדען (פלחה) איז באזעצט א ישוב פון 5.600 נפשות, און אויף די 65.000 דונאם פרדס־באדן דערגרייכט שוין די צאהל איינוואהנער אויף 8.900 נפשות. בכלל וואהנט יעטצט אויפן באדן פון קרן־קימת איבער 20.000 נפשות.

אין אלגעמיינעם האט דער נאציאנאלפאנד ערווארבען פערשיעדענעם באדן לויט פאלגענדע ראיאנען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין עמק יזראעל | 197.000 | דונאם | מעטר. |
| „ עמק השרון און שומרון | 43.000 | „ | „ |
| „ יהודה | 39.000 | „ | „ |
| „ עמק חיפה עכו | 31.000 | „ | „ |
| „ עמק הירדן | 12.000 | „ | „ |
| „ הגליל | 5000 | „ | „ |
| „ די שטעדט | 2000 | „ | „ |
| צוזאמען אלזא | 329.000 | „ | „ |

אויף דעם דאזיגען באדן עגזיסטירען 56 ווירטשאפטס־פונקטען 10 ווירטשאפטס־פארמען און 10 שטעדטישע קווארטאלען, ווייל קק״ל האט אויך געמוזט זארגען דערפאר, אז געוויסע גרופע פון ארבייטער, אנגעשטעלטע, שריפט־שטעלער און לעהרער זאלען אויף אים שטאנד זיין אויסצובויען אייגענע וואה־נונגען, אויס די 10 שטאדטישע קווארטאלען געהערען אויך צום קק״ל די באדענס, אויף וועלכע ס׳זענען געבויט פערשיעדענע קהל׳שע אינסטיטוציעס פאר ערציע־הונג און סאניטארוועזען, סאציאלע הילף א. ז. וו. (ס׳איז כדי צו דערמאנען, אז אויך דאס גימנאזיום »הרצליה« איז געבויט אויף דעם נאציאנאל־באדן). פון די שטאדטישען קק״ל באדן געפינט זיך א העלפט אין תל־אביב (אין דעם אויך די פארשטאדט בארוכאוו), א דריטעל אין ירושלים, און די רעשט אין חיפה און טבריה.

אויסער דעם קויף פון דער ערד באטייליגט זיך אויך דער קק״ל אין איהר פארבערייטונג, מעלעראציע, אויסטריקענען די זומפען א. ד. ג.

איינע פון די וויכטיגסטע צווייגען פון דער קק״ל־טעקיגקייט איז די פלאנ־צונג פון וועלדער. אונזערע אלטע היסטארישע שונאים פון אנטיוכסו ביז טיטוסן האבען שטענדיג געזוכט פלענער, ווי אזוי צו פארטיליגען דעם זכר פון יודישען פאלק. איינגעהמענדיג דאס לאנד, האבען זיי דאס רוב פון דער באפעלקערונג פארטריבען און פארקויפט פאר שקלאפען, און די שענע גערטנער און וועלדער פארניכטעט מיט׳ן רויך, אז ס׳זאל פון זיי קיין שפור ניט בלייבען. דער טערק האט זיך וועניג וואס געקימערט וועגען דעם, וואס ארץ ישראל האט ניט קיין וועלדער און שטעהט אפן פאר יעדען שטורם ווינד, די פוילע אראבער האבען זיך אויך ניט געזארגט פאר די עלעמענטארישע קולטור־באדערפנישען, ערשט די יודען האבען פארשטאנען, אז קודם כל מוזן מיר זעהען, ס׳זאלען ווידער בליהען די שענע גרינע וועלדער, מיט וועלכע ארץ ישראל האט אמאהל אזוי שטאלצירט. דער קק״ל האט פארפלאנצט נייע וועלדער אויף א שטח פון 6.700 דונאם מיט 1.439.000 בוימער. די גרעסטע וועלדער, וועלכע טראגען אויף



אזוי האט אויסגעזעהען דער וויסטער ״עמק״ עחדער דער קק״ל האט איהם אויסגעקויפט

זיך דעם נאמען פון יער־הרצל, געפינען זיך אין ג׳ניגר (396.000 בוימער), כפר החורש (197.000 בוימער), משמר העמק (176.000 בוימער) און בן־שמן (112.000 בוימער).

דער קק״ל לעבט איצטער איבער א שווערען איבערגאנג. פון איין זייט האט דער דויערנדער עקאנאמישער וועלט־קריזיס געבראכט צו א גרויסע ירידה אין די הכנסות פון די נאציאנאלע פאנדען, און האט געמאכט אונמעגליך נייע קניות, פון דער צווייטער זייט קומען אין לאנד גופא פאר שווערע שטערונגען — פיעל איז אויך שולדיג אין דעם די אונקלאהרע פאליטיק פון דער מאנדאטאר רעגירונג — ביים קויפען ערד. און די ספעקולאציע האט שטארק אויפגעשרויפט די פרייזען. די ביזהעריגע טעטיגקייט פון קק״ל האט בעוויזען, ווי וויכטיג די אינ־סטיטוציע איז פאר דעם יודישען ישוב אין לאנד, אויסלעזענדיג 329.000 דונאם פון דעם באדען אין ארץ ישראל, האט דער קק״ל געשאפען אונגעהויערע מעגליכ־קייטען פאר נאציאנאלע קאלאניזאציע. דורכדעם, וואס דער נאציאנאלפאנד האט געקויפט דעם באדען און געגעבען די מעגליכקייט זיך אויף איהם צו באזעצען, איז ער געווארן דער וויכטיגסטער פאקטאר ביים בויען די נאציאנאלע היים, ניט אזוי מיט דעם אידעאלאגישען כח, וואס ליגט אין דער אידעע פון אויסלעזען די



בית־אלפא

ערד, נאר נאך מעהר פון דעם פראקטיש־עקאנאמישן שטאנדפונקט, ביי דער ענדע פון דער פארמלחמהדיגע עפאכע איז דער באדן פון קרן־קימת געווען אין גאנצן 5% פון דעם יודישען ערד־באזיץ און היינט דערגרייכט ער 30% פון די אלע באדענס, וואס געפינען זיך אין יודישן רשות. אויך אנדערע אינטערעסאנטע ציפערן באשטעטיגען דעם געוואלטיגן אויפטו פון קק״ל פון דער מלחמה ביז היינט האט זיך פארגרעסערט דאס ערד־פארמעגען פון די יודען אין ארץ ישראל פון 400.000 דונאם אויף 1.100.000 מעטער־דונאם, דאס הייסט אלזא, אז אין דער דאזיגער עפאכע איז די יודישע נאציע באררייכערט געווארן מיט 700.000 דונאם ערד, און דערפון האט דער נאציאנאלפאנד אליין ערווארבען 310.000 דונאם אדער פראצענטעל 44%. און אלע באדענס, געקויפט דורך איינצעלנע יודען און פריוואטע חברות, שוין אין דעם אויך דורך די חברה פיק״א, זענען ניט מעהר ווי 56%. וואס ווייטער קויפט אלץ וועניגער באדן די פריוואטע איניציאטיווע, אין די לאסט פון אויסלייזען די ערד בלייבט אין גאנצען אויף דעם קרן־הקימת.



די צענטראלע פון קרן קימת אין ירושלים

אויסער דעם, דארף מען קיין מאל ניט פארגעסן און שטענדיג געדענקען, אז דאס, וואס דער קרן־קימת קויפט, בלייבט שוין א עביגער אייגעגטום פון דעם יודישער נאציאן, די ערד, לויט די סטאטוטען פון קרן הקימת לישראל, טאר קיין מאל ניט איבערגעהן אין פריוואטע הענד, זי קען העכסטענס פארדונגען ווערען אויף 99 יאהר, אבער נאך דעם טערמין קערט זי זיך אום צו דעם עביגען אייגענטימער, צום כלל־ישראל.

זעהר פיעל האט אויפגעטון דער נאציאנאל־פאנד׳ ס׳קומט איהם א גרויסער יישר כח פאר די איבערכוחותדיגע אנשטרענגונגען, אבער אין פארגלייך מיט דעם, וואס דאס יודיש פאלק בעדארף, כדי די ערד פון זיין אלטער היים אויסצולייזען, איז נאך געבליבן פיעל צו פארלאנגען. ניט איין גרויסער שטח פון זומפיגען באדן ווארט אויף א באפרייאונג פון מאלאריע־באקצילען, פיעל גרויסע אבגעלא־זענע שטרעקעס ערד ווארטען מיט אונגעדולד, דער קרן־קימת זאל זיי אויפוועקן און מאכען צוריק לעבענדיג׳

זאלען עס געדענקען די אלע, צו וועלכע די שליחים פון נאציאנאל־פאנד ווענדן זיך אין ווארט און אין דרוק, זיי זאלן זיי מיטהעלפען צו בויען דעם גראנדיעזען נאציאנאלען בנין.

יעדער גראשן׳ וואס ווערט אריינגעווארפען אין דער בלוי־ווייסער פושקע יעדע שפענדונג אויף בוימער פון הערצל־וואלד, אויף דונאמען ערד, יעדעס פארשרייבען אין גאלדענעם בוך, אט די אלע פארמען פון די קלענסטע ביז די גרעסטע נדבות פאר דעם קק״ל, איז דער פעסטער פונדאמענט, אויף וועלכען ס׳שטיטצט זיך דער אויפבוי. דער נאיאנאל פאנד איז זיכער, אז סוף כל סוף וועט ער אים שטאנד זיין צו באהערשען אלע שטערונגען און איינקויפען וואס מעהר ערד. ווען דאס גאנצע פאלק, אלע שיכטען און קלאסען, וועט פארשטעהען אז אין די גרויסע אנשטרענגונגען פון די קומענדיגע נאהנטע יאהרן הייגגט אב דער גורל פון דעם יודישען נאציאנאלען אייגענטום אין ארץ ישראל.

# די יודישע פאליטיק:

## ארגאניזאציעס און פארטייען.

די ציוניסטישע עגזעקוטיבע ווערט געקליבען יעדע 2 יאהר אויף דעם קאנגרעס. א טייל פון איהר מיט דעם פרעזידענט נחום סאקאלאוו בראש פיהרט אן מיט דער אויסערן־פאליטיק אין לאנדאן און זשענעווע, און א טייל צו־זאמען מיט די פארשטעהער פון דער יודישער אגענץ, אין וועלכער ס'געהען אויך אריין ניט־ציוניסטען, בילדען די אזוי גערופענע: «הסוכנות היהודית לארץ ישראל» וועלכע געפינט זיך אין ירושלים אין שכנות מיט דער געביידע פון קרן קימת אין פארשטאדט «רחביה». די «סוכנות» פירט אן מיט אלע אנגעלעגענהייטען פון דער עמיגראציע, מיט'ן שולוועזען און שטעהט אין א ענגען קאנטאקט מוט דער מאנ־דאטאר־מאכט אין דער פערזאן פון דעם ענגלישען נציב העליון. אייניגע מיט־גלידער פון דער ירושלימדיגער סוכנות שטעהען אויך אין דער שפיטץ פון דער אינפארמאציאנס־ביורא פאר האנדעל און אינדוסטריע און האבען די אויפזיכט אויף די רייזע ביוראס און די פאלעסטינא אמטען.

הועד הלאומי: מיט דער אינערליכער פאליטיק פון יודישען ישוב אין ארץ ישראל האט אייגענטליך געזאלט אנפירען די באשטעטיגטע פון יאהר 1928 ארגאניזאציע מיט דעם נאמען «כנסת ישראל». לויט די סטאטוטען האבען איהרע מיטגלידער דאס רעכט צו קלייבען דעם «ועד הלאומי». אלס רעפרעזענ־טאנץ־ארגאן פון דעם גאנצען ישוב. דער ועד האט אויך געזאלט איבערנעמען און קאנצערטרירען ביי זיך אלץ, וואס געפינט זיך ביז יעצט אין דעם רשות פון די קהלות. די ארגאניזאציע «כנסת ישראל» האט לויט די סטאטוטען אויך דאס רעכט צו פארדערן פון איהרע מיטגלידער, (און וועלכע האבען באדארפט זיין אלע יודען מאן און פרוי איבער 18 יאהר אלט) געוויסע עטאט־אבצאהלונגען, כדי אויסצוהאלטען דעם שולוועזען, סוציאלע הילף ווי אויך פארשידענע פילאנטראפישע צוועקען.ליידער אבער צוליעב פארשידענע חלוקי דעות מצד די רעכט געשטימטער יודישער באַ־פעלקערונג, וועלכע קוקט זעהר קרום אויף יעדע נייע ערשיינונג אין יודישען לעבען און איבערהויפט צוליעב דעם, וואס די פרויען האבען באקומען גלייכע וואהלרעכט, איז פארגעקומען א שפאלטונג. פיעל פון די רעכטע האבען אויסגע־נוצט דעם פאראגראף וועלכער זעהט פאר, אז אין דעם פאל, ווען א געוויסער טייל יודען, איז ניט איינשטימיג מיט דעם פראגראם פון כנסת ישראל, האט די מעגליכקייט זיך צו פאראייניגען אין א בעזונדערער געמיינדע, האבען ניט גע־נומען קיין אנטייל אין די וואהלען און אזוי ארום, ווארפען זיי זיך ניט אונטער די באשלוסען פון ועד הלאומי. דאס האט געבראכט דערצו, אז די «יודישע קהלות»

אין די שטעדט זענען געבליבען ווי פריהער, און שוואכען אב דעם אויטאריטעט פון כנסת ישראל, פיל שטערט אויך דער אנטוויקלונג פון ועד הלאומי. וואס די אבצאהלונגען פון די מיטגלידער ווי אויך די בודזשעטען מוזן יעדעס יאהר באַ־שטעטיגט ווערען דורך דעם נציב. ועלכער קען אין יעדען פאל באזונדער לעגען זיין «וועטא». דורך די אלע אויסערליכע און אינערליכע סיבות שפילט דער ועד הלאומי ניט די ראל, וואס ער האט באדארפט פארנעמען אין ישוב.

# פארטייען

## 1) הציונים הכלליים

די אלגעמיינע אדער סתם ציוניסטען, ווילען נישט אנערקענען קיין אנדערע צוגאבעפיטעטען צו דעם ריינעם ציוניזם, וואס ציהט זיך פון דער עפאכע «חובבי ציון», און פארשטארקט דורך די געוואלטיגע ווירקונג פון ד״ר הרצל אויף די קאנגרעסען און וועלכער האט די איינציגע אויפגאבע צו בויען דאס לאנד און צו פארשטארקען דעם ישוב. צוזאמען מיט זייערע חברים אין גלות באמיהען זיי זיך שוין פון 12־טען קאנגרעס אן, דעם ערשטען נאך דער גרויסער וועלט־מלחמה, צו בילדען א שטארקע גרופירונג פון «צענטרום» אויף די קאנגרעסען. ביז יעטצט איז עס נאך געבליבען א פרומער וואונש. אין ארץ־ישראל רופען זיך אן די אל־געמיינע ציוניסטען «די פאראייניגטע», ווייל זיי באשטעהען פון די צוויי א מאל געשפאלטענע גרופירונגען א און ב, אויך געפינען זיך אין זייערע רייהען, אלס א־בזונדערע גרופע די רייכערע «אכרים» קאלאניסטען אדער בעסער געזאגט די באמיטעלטע פרדסנים. צוליעב דעם ניט געלונגענעם צוזאמענשטעל פון עקסטרעמע «פרדסנים» וואס האבען אויף זייער געוויסן א גרויסען חטא פון געבען פארצוג דעם אראבישען ביליגען ארבייטער געגען די אייגענע ברודער פועלים, ביז די לי־בעראלע דעמאקראטישע מיטגלידער, וואס שטאמען פון אמאליגע חובבי ציון און אחדהעמיסטען, ברינגט דערצו, אז דער פאליטישער פרצוף פון די הציונים הכלליים איז תמיד פארנעבעלט און צווישען זיך גופא הערשט ביי זיי ניט קיין שלום בית. דאס איז אפשר אויך די סיבה, וואס ניט קוקענדיג דערויף, וואס די ציונים הכלליים געניסען פון א גרויסער סימפאטיע ביי אלע רוהיגע עלעמענטען פון יודישען פאלק, און וואס אין זייערע רייהען געפינען זיך די בעסערע מנהיגים ווי אוסישקין, דיזענהאף און אנדערע, ווי אויך די ליטעראַרישע יחסנים מיט ביאליקען בראש, איז זיי ניט געלונגען צו שאפען א דיסציפלינירטע גוט ארגאניזירטע פארטיי, ווייל ווי מיר האבען שוין געזאגט, זענען די אנפירער צווישען זיך ניט אייניג און יעדעס מאהל שפרינגט ארויס דער שטן המקטרג.

די ציונים הכלליים גיבען ארויס א אייגענעם ארגאן: «הציוני הכללי», וועלכער איז אויך ניט אויסגעהאלטען און גאנץ אפט ווייזט ער ארויס זיין באַ־זונדערע סימפאטיע צום רעוויזיאניזם. זיי האלטען אויך אויס די גרעסערע העב־רעאישע קורסען פאר דערוואקסענע אין תל־אביב (וואו ס׳לערנען איבער 800 צוגערייזטע עלטערע און יונגערע דאמען און הערען) אין ירושלים און חיפה, זיי

טרייבען אויך א גרויסע קולטורעלע טעטיגקייט איבערן גאנצען לאנד. אין די לעטצטע יאהרען באמיהען זיי זיך אריינציעהען אין זייערע רייהען די יוגענד, וועלכע קען ניט צוליב פארשידענע אינדיווידועלע אדער אידעאליסטישע אורזאכען זיך פאראייניגען מיט דער ארבייטער הסתדרות.

דורך די ציונים הכלליים איז ארגאניזירט די קאלאניע «תל־צור» ווי אויך דער ישוב פון מיטעלשטאנד אויפן באדן פון וואדי־כאווארים.

## 2) די רעוויזיאניסטען

אין יאהר 1925 האט זיך אבגעריסען פון די אלגעמיינע ציוניסטען א טייל מיטגלידער, וועלכע האבען לויט די איניציאטיוו פון וול. זשאבאטינסקי גע־גרינדעט א פאראלעלע וועלט־ארגאניזאציע אונטער דעם לאזונג: צוריק אין הערצלס וועגען כדי צו בילדען דאס יודען־שטאאט.

דער הויפט מאטיוו פון זשאבאטינסקיס טעאריע איז, «אזוי לאנג, ווי די מאנדאט־מאכט וועט ניט שאפען די געהעריגע פאליטישע באדינגונגען, קען קיין רייד ניט זיין פון א נארמאלע אינטענזיווע קאלאניזאציאן ארבייט». און דריי־בער פארלאנגט ער!

1) אזא קאלאניזאטאר־פאקטאר, וועלכער זאל צו פירען אין א קורצער צייט צו א יודישער מערהייט אין אלע ערטער פון ביידע זייטען פון ירדן (ווי באקאנט איז דאך דער עבר־הירדן־געגנט א ממשלה פאר זיך אין איז אין גאנ־צען אבגעזונדערט פון ארץ־ישראל) און

2) די באשיצונג פון יודישען פארמעגען אין לעבען דארף זיך געפינען אין די הענד פון א יודישען לעגיאן.

כדי צו דערגרייכען די דאזיגע הויפטצוועקען דארף מען אן א אויפהער ווירקען אין דער הינזיכט אויף די ענגלישע רעגירונג און אויך וועקען דאס גע־וויסן פון די אייראפעאישע נאציאנען, וועלכע האבען אגעטרויט ענגלאנד דעם מאנדאט, זיי זאלען קאנטראלירען, אויב די התחיבותן פון מאנדאט ווערען ערליך אויסגעפירט.

דער הויפט־עלעמענט פון זשאבאטינסקעס נאכהענגער איז די יוגענד, וועל־כע קאנצענטרירט זיך אין די ארגאניזאציעס «ברית־הצה״ר» און «בית״ר», זיי געפעהלט דאס פאראדירען אין די ספעציעלע מונדורען און די מיליטערישע אי־בונגען, אין פולין, וואו זשאבאטינסקי האט פארבראכט א לענגערע צייט און אנגעפירט מיט דער וואהל־קאמפאניע צום 18־טען קאנגרעס, האט ער צוגעצוי־גען א גרויסע צאהל סימפאטיקער, איבערהויפט צווישן די יוגנט־רייהען. און דורך דעם איז דער אנטאגאניזם צווישן די רעוויזיאניסטען און די ראדיקאל געשטימטע לינקע ציוניסטישע פארטייען נאך פיעל מעהר זיך פארשטארקט.

פאר דעם אכצענטן קאנגרעס איז אויך פארגעקומען א שפאלטונג אין דער דיסציפלינירטער מחנה פון די רעוויזיאניסטען. די רעכטע האנד פון זשאבאטינס־קין מאיר גראסמאן מיט א גרויסע צאהל אינטעליגענטערע חברים האבען ניט

געוואלט מסכים זיין צו די דיקטאטרישע מעטאדען פון זשאבאטינסקין און האבען געגרינדעט א אייגענע וועלט־ארגאניזאציע מיט דעם נאמען, «די יודענשטאאט־פארטיי».

די ראדיקאלען. ביז דעם 18־קאנגרעס איז די ראדיקאלע פארטיי, געגרינדעט דורך א געוויסען טייל אונצופרידענע אלגעמיינע ציוניסטען, וועלכע האבען זיך שלעכט געפילט אין די ענגע ראמען פון דעם אפורטוניסטישען סתם־ציוניזם, זעהר שוואך געווען פארטרעטען אין ארץ ישראל, ענדע 1932 זענען אנגעקומען פון פוילין עטליכע מיטגלידער אין אנגעהויבען צו אגיטירען פאר זייערע לאזונגען, צום 18־טען קאנגרעס האבען זיי דורכגעפירט זאגאר א אייגע־נעם דעליגירטען צום קאנגרעס. נאכדעם ווי זייער מנהיג יצחק גרינבוים איז גע־ווארען אויסגעקליבען אין דער עקזעקוטיווע אלס לייטער פון דער מחלקת עליה האבען זיך זייערע שאנסען געהויבען און ס'איז צו ערווארטען, אז זיי וועלען אברייסען א טייל פון די אלגעמיינע ציוניסטען, איבערהויפט פון דער יוגענד.

## 3) דער מזרחי

דער רעכטער פליגל פון קאנגרעס דער «מזרחי» רעפרעזענטירט די ציו־ניסטען, וועלכע, בלייבענדיג געטריי דעם באזעלער פראגראם, האלטען זיי אבער, אז דאס ריכטיגע אויפלעבען פון יודישען פאלק אין זיין לאנד קען פארקומען נור אויף די פעסטע יסודות פון דת, און מסורה. דער מזרחי האט געטרייהע אנהענגער אין דער גאנצער וועלט, וואו ס'וואהנען קאמפאקטע יודישע מאסען, אין ארץ ישראל באזיצט ער 67 לעהר־אנשטאלטען, אין וועלכע ס'לערנען 6921 יוגענד־שילער. דער מזרחי זארגט אויך דערפאר, אז אין די קאלאניעס זאלען זיין ערטער צום דאווענען בצבור, שוחטים און כלי־קודש אלץ אונטער דער השגחה פון א רב א מוסמך. צום מזרחי געהערט אויך א גרויסער טייל רעליגיעז געשטימטע יונגע־לייט, אפילו ארבייטער «פועלי־מזרחי» אונטער דעם לאזונג «תורה ועבודה». דער מזרחי האט אויך אייגענע קאלאניעס און קבוצות, וואו אלץ איז שטרענג כשר, און ס'ווערען אבגעהיט אלע טראדיציאנעלע מנהגים, וואס שטערט אבער ניט, אז די ארבייט זאל זיין אינטענסיוו און ברינגען די געהעריגע פרוכטען.

## 4) אגודת ישראל

דער עקסטרעמער טייל פון דער ארטאדאקסיע אין ארץ ישראל, שטעהט אין קאנטאקט מיט די חסידישע רביים, איבערהויפט אין פוילין. פון לאנגע יהרען פיהרען זיי א פארברייטערטען קאמפף געגן דעם ציו־ניזם. אונטער זייער השפעה געפונען זיך אויך די אמאליגע חלוקה־לייט, וועלכע זענען אונצופרידען, וואס די ציוניסטען מאכען זיי קאליע דעם מאנאפאל אויף די נדבות פון חוץ לארץ, זיי קענען אויך ניט ליידען, וואס ארץ ישראל ווערט א לאנד פון קאנסטרוקטיווע ארבייט. פאר זיי איז גענוג דער כותל מערבי מיט'ן קבר רחל, מערת המכפלה, הר הזיתים, מיט איין ווארט, אלץ וואס האט צו טון

מיט אבגעשטארבענע זאכען, זיי ליידען אויך ניט די אויפגעלעבטע העברעאישע שפראך און די פערהאסטע קנאה צו דעם נייעם ישוב ברינגט זיי צו פיעל ניט אנשטענדיגע מעשים. לעצטענס קומען עפטער צו פארען אלס טוריסטען די פרומע ארטאדאקסישע יודען פון חוץ לארץ, וועלכע גריבלען זיך ניט אין אגודה־פאליטיק, און קויפען באדן, פרדסים און הייזער, דורך דעם דראנג פון דער אר־טאדאקסישער יוגענד, וועלכע מוז האבן סערטיפיקאטן און נאכדעם ווי אלע פריוועין אליין צו באקומען סערטיפיקאטען, דירעקט פון דער ענגלישער רעגי־רונג, זענען דורכגעפאלען, הויבט אן די אגודה צו קאקעטירען מיט דער ציוניס־טישער ארגאניזאציע און זוכט צו געפונען א התקרבות.

די קאטאסטראפאלע לאגע פון די פערפאלגטע יודען אין דייטשלאנד, צווינגט אויך די אנהענגער פון דער אגודה אין פראנקפורט, בערלין אין האמבורג, זיך נאך מעהר צו פעראונטערעסירען מיט ארץ ישראל. פארלויפיג ווענדען זיי אן די גאנצע ענערגיע צו פארלייגען א נעץ פון חדרים און ישיבות, אין דעם גייסט פון דער אגודה.

די יוגענד, אזוי לאנג ווי זי געפינט זיך אין דעם רשות די פאנאטישע עלטערן, מוז זיך צופאסען צו זייערע פארעלטערטע מעטאדען, ווען זיי געהען אבער ארויס אויף אייגענע קעסט, שפרינגען זיי אריבער צום מזרחי און ציונים הכלליים.

<u>די ספרדים:</u> די אזוי גערופענע עספאניאלישע יודען שטאמען פון די, וועלכע זענען 400 יאהר צוריק פארטריבן געווארען פון הישפאניען, זיי ריידען נאך עד היום צווישען זיך אויף א קאסטיליאנישען דיאלעקט אין האלטען זיך פעסט אן די אמאליגע מנהגים און נגונים, זייערע בתי־כנסיות זענען זעהר שען גע־בויט און ריין געהאלטען, ס'איז אבער שווער אין די ספרדים צו דערקענען די אוראייניקלעך פון די אמאליגע יודען אין הישפאניען, וועלכע זענען געווען די פארשטעהער פון דער גאלדענער תקופה פון חכמת ישראל און ארויסגעגעבען פון זיך אזאלכע פערזענליכקייטען ווי ר' יהודה הלוי, אבן־עזרא, אלחירזי און אנדערע.

<u>די תימנער:</u> די יודען זענען געקומען פון תימן, וואו זיי האבען זיך פון לאנגע דורות אסימילירט מיט דעם אראבישען לעבען. צווישען זיך ריידען זיי א זשארגאן, געמישט פון העברעאיש און אראביש. דאס רוב באשעפ־טיגן זיך מיט אלע שווערע פיזישע ארבייטען, זיי זענען זעהר פרום און אפילו צווישען די פיזישע ארבייטער זענען דא גרויסע מלומדים אין תורה, תלמוד און רמב"ם. זיי ארבייטען אויך פיעל אין די קאלאניעס אלס פועלים, ווייל זיי קענען זיך באגניגענען מיט א קלענערע שכירות, ווי די אשכנזים. אלענפאלס איז דאס א גוטער עלעמענט פאר ארץ ישראל, ווייל זיי זענען צוגעוואהנט צום ווארמען קלימאט ווי אויך צו די אזיאטישע לעבענספארמען. אין זייערע תפלות, געשרי־בען אין ארכעאישען סטיל, זענען פארהאן זעהר סענטימענטאלע נגונים, וואס דריקען אויס די בענקשאפט צו ארץ ישראל.

# מ פ א ״ י.

דאס זענען די ערשטע אותיות פון די העברעאישע ווערטער: «מפלגת פועלי ארץ ישראל», אונטער דעם נאמען מפא״י פארשטעהט מען אין ארץ ישראל, די גרופירונג פון דעם ארבייטענדען ישוב. נאך ביי די חובבי ציון איז געווען איינער פון די ערשטע פאסטולאטען צו שטרעבען דערצו, אז דאס יודיש פאלק, וועלכע איז אין שווערן גלות, צוליעב פארשידענע באגרעצונגען און פאר־פאלגונגען, ניט געווען צוגעלאזען צו קיין פיזישע ארבייט אין שטאדט און דארף, אין דאריבער געווען געצוואונגען זיך צו האלטען נור אן האנדעל־וואנדעל און לופט־געשעפטען, זאל אויף א עוואלוציאנעם אופן זיך איבערבילדען אין מענ־שען, וואס ארבייטען פיזיש און ערנעהרען זיך פון יגיעת כפים, איבערהויפט ביי דער ערד ארבייט. פאר דער מלחמה, אין די צייטען פון שווערן טערקישען רעזשים, האט קיין רייד ניט געקענט זיין שנעל צו פערווירקליכען די אידעע פון ארבייט. אין דריבער איז קיין וואונדער, אז ווען אין דער צייט פון דער וועלט מלחמה 1917 - 1914 האט די צאהל פון אלע יודישע גייסטיגע אין פיזישע ארביי־טער בעטראפען ניט מעהר ווי 4782 פערזאן, און אין אנהויב פון 1933 יאהר דערגאנגען צו א צאהל פון 34,000 נפשות, אין צוזאמען מיט די עקאנאמיש־פא־סיווע שטייגט די ארבייטערשאפט אריבער די צאהל פון 70.000 נפשות, וואס שטעלט מיט זיך פאר איין דריטעל פון דער יודישער באפעלקערונג אין לאנד. געאגראפיש זענען די ארבייטער פארטיילט אין

| די יאהרען | 1922 | 1933 | פראצענטועלער צוואוקס |
|---|---|---|---|
| שטעדט | 10535 | 19.000 | 80,% |
| קאלאניעס | 2177 | 11.000 | 405,0% |
| קבוצות | 924 | 2200 | 138,0% |
| מושבי עובדים | 640 | 1800 | 181,0% |
| צוזאמען | 14276 | 34,000 | 138,0% |

די ציפערן אין די שטעדט און קאלאניעס זענען ניט שטענדיג גלייכע און וואקלען זיך, ווייל זיי זענען אבהענגיג פון דער קאניוקטור פון דעם אריינגע־בראכטען קאפיטאל. דורך די עולים, לעצטענס ווערען די נייע איינפליסענדע קא־פיטאלען מעהר לאקירט אין אינדוסטריע אין האנדעל פון די שטעדט.

די ארבייטער וואס רעקרוטירען זיך פון דעם קליינעם מיטעלשטאנד פון די גלות לענדער, זענען על פי רוב ניט קיין קוואליפיצירטע ספעציאליסטען, און מוזען זיך נעמען צו יעדער באשעפטיגונג, וואס קען נור פארזיכערן די עגזיסטענץ. לויט די הויפטווירטשאפטסצווייגען טיילען זיך איין די ארץ ישראל׳דיגע יודישע ארבייטער, אנגעשטעלטע און בעאמטע אויף אזא אופן:

* אין אלע ציפערן און אונוויזונגען זיך געשטיצט אויף דעם ארטיקל פון מ. נימי־ראווסקי, געדרוקט אין דעם 5-טען באנד נומער 5 – 3 (מערץ-מאי 1933) פון די ייוואָ-בלעטער פון יודישן וויסענשאפטליכן אינסטיטוט אין ווילנע.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| לאנדווירטשאפט (פעלד און גארטען) | באשעפטיגט | 10.500 | פערזאן | 30,9 | פראצענט |
| אינדוסטריע און מלאכה | " | 9000 | " | 26,5 | " |
| בוי און עפענטליכע ארבייטען | " | 4000 | " | 11,8 | " |
| טראנספארט | " | 1.500 | " | 4,4 | » |
| האנדעל און געזעלש. אינסטיטוציעס | " | 4.500 | " | 1,32 | " |
| דערציהונג און היילאנשטאלטען | " | 1.500 | " | 4,4 | " |
| הויז־באדינונג | " | 2,500 | " | 7,3 | " |
| פארשידענע | " | 500 | " | 1,5 | " |
| סך הכל זענען באשעפטיגט | " | 34000 | " | 100 | " |

## הסתדרות הכללית של העובדים העברים בא"י

אזוי הייסט די אלגעמיינע יודישע ארבייטער־ארגאניזאציע אין ארץ ישראל: זי איז אפיציעל געגרינדעט געווארען אין סוף פון 1920 יאהר און נעמט ארום די גרעס־טע מערהייט פון די יודישע לוין־נעמער און אלע מיטגליעדער פון די »קבוצות«. »מושבי־עובדים« און אינדוסטריעלע ארבייטער, פראדוציר־קאאפעראטיוען, די ארגאניזאציע זארגט פאר די איינוואנדערונג פון חלוצים און פועלים, זי גיט זיך אויך אב מיט אלע פראפסיאנעלע, קאלאניזאטארישע, עקאנאמישע, קולטורעלע און געזעלשאפטליכע אינטערעסען פון דעם ארבייטער קלאס און לאנד.

### דער ארגאניזאטארישע אויפבוי:

דעם ארגאניזיר־יסוד פון דער ארגאניזאציע (הסתדרות) בילדען די פראפע־סיאנעלע פאראיינען, ארטיגע ארבייטער־מועצות און א ריי הילף־אינסטיטוציעס, פינאנציעלע און עקאנאמישע, פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס זענען פארהאן דריי 1) די לאנדווירטשאפטליכע ארבייטער ארגאניזאציע. 2) די אייזענבאן — פאסט־און טעלעגראף ארבייטער· 3) די ארגאניזאציע פון ביורא און האנדעלסאנגע־שטעלטע. אויסער דעם זענען ארגאניזירט גרופען פון בוי, האלץ, מעטאל, עלעקריע, טעקסטיל, נאדיל, דרוק, לעדער, בעקערייען און הויז אנגעשטעלטע.

אויך די פארשידענע קאאפעראטיווע אינסטיטוציעס, וואס זענען פארבונדען אין איין פאראייניגטער קאאפעראטיווער געזעלשאפט, באשטעטיגט דורך די רע־גיערונג «חברת העובדים» זענען א אינטעגריאלער טייל פון דער אלגעמיינער אר־בייטער ארגאניזאציע· די פארבינדונג צווישען דער אלגעמיינער ארבייטער אר־גאנינאציע און דער «ארבייטער געזעלשאפט» דריקט זיך אויס אין דעם, וואס אלע חברים פון דער ארגאניזאציע זענען אויטאמאטיש חברים פון דער געזעל־שאפט, פאקטיש איז די »ארבייטער געזעלשאפט» דער יורידישער אויסדרוק פון דער הסתדרות און איהרע ווירטשאפטליך — פינאנציעלע באציהונגען מיט דער רעגיערונג און מיט די קאאפעראטיווע אינסטיטוציעס, וואס זענען מיט איהר פארבונדען (טעכטער־געזעלשאפטען). צו זיי געהערן אין דער ערשטער ריי די »ארבייטערבאנק«, די צענטראלע קאאפעראטיווע איינקויף־געזעלשאפט «המשביר»׳ די קאאפעראטיווע געזעל. פאר לאנדווירטש. ארבייטער קאלאניזאציע «נור», וואס

מיט איהר איז אויך פארבונדען די ארבייטער געזעל. פאר ארטעל־ארבייטען און פלאנצונגען »יכין«, די קאאפעראטיווע געזעל. צום פארקויף די לאנד־פראדוקטען »תנובה« די ארבייטער לעבענס־פארזיכערונג־געז. »הסנה«. אלע ארבייטער לייי־ און שפארקאסעס.

**ארבייטערשוץ** ביז 1927 האט אין ארץ ישראל ניט עגזיסטירט קיין שום געזעץ צו שיצען די רעכט פון די ארבייטער. אויך יעטצט איז נאך אלץ אבהענגיג פון די תקנות פון די טערקישע געזעצען »מ'דזשעלע«. וואס איז אגב שוין אין דער נייער טערקיי גופא אנולירט, אבער אין ארץ ישראל גילט זי נאך. זי איז געבויט אויף די פרינציפין פון דעם איסלאמישען »קאראן«. די ארבייטער־ארגאניזאציע האט אלזא געמוזט מיט גרויסע שוועריגקייטען אויסקעמפפען, אז די רעגיערונג זאל איינפיהרען א לייטישען לוין ביי די חיפה־פארט־ארבייטער און אויך זיך רעכנען בכלל מיט די פארדערונגען פון דער נייער צייט.

אזוי איז אויסגעקעמפפט געווארען דער 8 שעהדיגער ארבייטסטאג, א פאסיגער עגזיסטענץ־לוין אין פיל ארבייטצווייגען, שטייער־אפצאהל פאר די ארבייטער קראנקען־קאסעס א. א. ס'געהט נאך א שטארקער קאמפף וועגען דעם, אז די ארבייטער זאלען אנגענאמען און אבגעזאגט ווערען לויט די צושטימונגען פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען, וועגען די פארקירצונג פון דער ארבייט ערב שבת און יום טובים, וועגען א גרעסערע באלוינונג פון איבערשטונדען, וועגען פארזיכערען די ארבייטער פון אונגליקספאלען א. ז. וו. ביז יעטצט איז נאך ניט ערלעדיגט און רופט ארויס שטענדיגע קאנפליקטען. די פראגע וועגען דעם, אז דער יודישער ארבייטער זאל אריינדרינגען וואס מעהר אין די יודישע פלאנטאציעס. די קאפיטאליסטען, די אינהאבער פון די פרדסים, מיט א גאנץ קליינעם אונטערשייד, ווייכען אויס דעם יודישען ארבייטער, אבוואהל ער איז ארבייטס־פעהיגער און קולטורעלער, און ווילען בעסער דעם פוילען און וועניג אנטוויקעלטען אראבישען ארבייטער, וועלכער איז נאך ניט ארגאניזירט און ארבייט מיט דער גאנצער פאמיליע (אפילו מינדעריעהריגע קינדער) פאר א ביליגען לוין. דער פא־לעסטינער ארבעטער פאנד, האט דריבער געלייגט דעם יסוד פאר די לאנדווירט־שאפטליכע קאמונעס תל־חי, כפר־גלעדי און אילת השחר.

נאך דער מלחמה, ווען ס'איז אויסגעלייזט געווארען דער עמק־יזרעאל, זענען מיט די מיטעלן פון קרן היסוד געשאפן געווארען די מייסטע קבוצות אין לאנד און דאָזיגלייכען אויך »מושבי עובדים«, וואס באקומען אזוי פיעל באדן. זיי זאלען נישט דארפען אנקומען צו געדונגענער ארבייט, און דער באדן בלייבט דאס אייגענטום פין נאציאנאל־פאנד. מיט דעם גרויסען דראנג פון חלוצים איז אוועק־געשטעלט געווארען די פראגע וועגען לאנדווירטשאפטליכע אויסבילדונג פאר זיי און צו דעם צוועק זענען אויפגעשטעלט געווארען ארבעטערינסווירטשאפטען אז חבורות (ארטעלן) פון ארבייטערינס.

## די ארבייטצענטראלע (מרכז העבודה)

כדי צו נארמירען די ארבייט און שאפען באשעפטיגונג פאר די נייע צוגע־קומענע, עגזיסטירט א «ארבעט־בערזע», וועלכע רעגולירט דעם תור (די ריי) און פירט אריבער די ארבייטער פון א־ין פלאץ אויף דעם אנדערן. די בערזע האט אויך א אפטיילונג פאר סטאטיסטיק און אינפארמאציע וועגען אלע פראגען, וואס זענען נוגע צו די ארבייטס־באדינגונגען, עקאנאמישען מצב אין לאנד און דעם צושטאנד פון דער ארבייטלאזיגקייט.

## סאציאלע פארזיכערונג:

פאר די פראגען פון געזונט, פאר דער פארזיכערונג אין פאל פון א קראנק־הייט עגזיסטירט די פרייע פאראייניגונג «קופת חולים» (די קראנקען קאסע). אין ארץ ישראל איז נאך עד היום ניט איינגעפירט דער אפיציעלער אינסטיטוט פון די אייראפעישע קראנקען־קאסעס און דריבער מוז די הסתדרות עס מאכען אליין, זי פארפליכטעט יעדען חבר צו ווערען א מיטגליעד אין דער קראנקען־קאסע, דאס איז אבער ניט קיין צוואנג, און א טייל חברים זענען ליידער נאך ניט איינגע־שלאסען אין דער קאסע.

די קאסע זארגט אויך דערפאר, ס׳זאלען אויסגעבעסערט ווערען די סאני־טארע ארבייטס־באדינגונגען אין די פאבריקען און ווארשטאטען, די ערשטע קראנקען־קאסעס זענען געגרינדעט געווארען אין יאהר 1912. פון א קליינער גע־זעלשאפט מיט 2000 מיטגליעדער אין יאהר 1928 איז זי אויסגעוואקסען אין א גרויסע אינסטיטוציע, וואס ציילט 19.299 מיטגלידער, וועלכע צוזאמען מיט די משפחות באשטעהען פון העכער 38.954 נפשות. עס איז געשאפען געווארען א נעץ פון מעדיצינישע אנשטאלטען, וואס גיבען אומזיסטע הילף אין אלע שטעט און 78 דארפישע פונקטען, ס׳זענען געעפענט געווארען צוויי סאנאטאריומס מיט בערך 90 בעטען, 3 שטאדטישע אמבולאטאריומס, וואס נעמען אויף 1500 קראנקע א טאג, א גרויסער מאדערנער שפיטאל אין עמק מיט 60 בעטען, ביי אלע אמבו־לאטאריומס זענען פארהאן אפטייקען. 147 דאקטוירים באדינען אלע מעדיצינישע אנשטאלטען. מיט עטליכע יאהר צוריק איז געלייגט געווארען א יסוד פון א פאנד פאר ארבייטער־אינערליכע און כראנישע קראנקע.

אין יאהר 1933 איז געגרינדעט געווארען א פאנד פאר ארבייטסלאזע (קרן חוסר עבודה). לויט די תקנות וועט דער פאנד אנהויבען זיינע טעטיגקייט, ווען ס׳וועט זיך אנזאמלען א סומע פון 5.000 פונט. אין דעם ערשטען חודש איז איינ־געפלאסען אויף דעם צוועק א סומע פון 1.200 פונט.

## קולטורעלע און ערציעהונגס אינסטיטוציעס.

די גאנצע קולטורעלע ארבייט איז קאנצענטרירט אין קולטוראבטיילונג (מחלקת התרבות) און דעם ערציהונגס־אינסטיטוט (ועד מוסדות החנוך).

צו דער הסתדרות געהערען 35 פאלקשולען מיט 1.772 קינדער, 48 קינדער־

היימען מיט 1039 קינדער, אוונטקורסען צו ערלערנען די העברעאישע שפראך און ליטעראטור, אין די קורסען לערנען 1.112 דערוואקסענע צוגערייזטע מענשען אויסערדעם עגזיסטירען וויסענשאפטליכע קורסען אין תל־אביב (ארבייטער סעמינאר) פתח־תקוה, רחובות און חדרה, א ארבייטער סעמינאר אין ירושלים. אין תל־אביב קורסען פאר פאך־אויסבילדונג און מאשינענבוו, בויארבייט און עלעקטריע. די קולטור־אבטיילונג ארדנעט אויך איין וויסענשאפטליכע, פראפעסיאנעלע, פאליטישע און ליטעראריש פארלעזונגען און פאלקס עקסקורסיעס. אין רשות פון דער מחלקת התרבות געפינט זיך א גרויסע בנבליאטעק מיט 76.281 ביכער, די צענטראלע פון תל־אביב שטיצט 46 פיליעם אין גאנצען לאנד, וועלכע בייטען פון צייט צו צייט זייערע ביכער און באזארגט זיי אויך מיט צייטונגען און פעריאדישע אויסגאבען אונטער איהר אויפזיכט עגזיסטירט אויך א פעדאלאגישער אינסטיטוט, וועלכער פארנעמט זיך באוואוסטזיניג צו מאכען די יונגע מוטערס. צו איהר געהערט אויך דער דראמאטישער ארבייטער־טעאטער «אוהל», דורך איהר ווערען אויך ארגא־ניזירט קאנצערטען און טעאטער־פארשטעלונגען («אוהל» «הבימה».) צו נידריקע פרייזען פאר די ארבייטערשאפט, ווי אויך ארבייטער־כארן. די אלגעמיינע אר־בייטער־ארגאניזאציע גיעט ארויס די טעגליכע צייטונג «דבר» א הודש־שריפט «השדה», א צוויי וואכן־בלאט פאר די יוגנט «במעלה», א פראפעסיאנעלע פעריא־דישע אויסגאבע «הקטר» (העברעהיש און אראביש) פאר די אייזענבאהנארבייטער, «פנקס» פאר די דרוקער ארבייט, און «הפועל» געווידמעט דעם ספארט. אין 1933 איז געגרינדעט געווארען דער ארכיוו און מוזיי פון דער ארבייטער באוועגונג.

פיזישע קולטור: דער פאראיין פאר פיזישע קולטור «הפועל» איז גע־גרינדעט געווארען דורך א גרופע ארבייטער פון חיפה. דער פאראיין ציילט 34 ארגאניזירטע אפטיילונגען אין שטאט און דארף מיט איבער 3000 מיטגלידער אין גימנאסטיק און אטלעטיק באטייליגען זיך 1.475 חברים, אין שווימען און רודערן 300 חברים, אין ארדנעיריי און מושטירונג 1.600, אין ערשטער הילף 300, אין הרקעטערס און כארן 250, רעדלעריי 230, אין פארשידענע צווייגען פון ספארט 600 חברים און חברטעס, חוץ דעם זענען פאראן 41 פוסבאל גרופען, 24 האנט־באל גרופען, 13 קארבבאל גרופען און 9 שפילבאל גרופען פון דער יוגנט.

## אינטערנאציאנאלע פארבינדונגען.

די הסתדרות איז אנגעשלאסען אן דער אינטערנאציאנאלע פעדעראציע פון פראפעסיאנעלע פאראיינען (אמסטערדאם) און רעפרעזענטירט אין איהר די אר־בייטערשאפט פון גאנצען לאנד, שטעט אין פארבינדונג מיט'ן פראפעסיאנעלען פארבאנד אין ענגלאנד, באטייליגט זיך אין אינטערנאצואנאלע קאנגרעסען. «חברת העובדים» איז אנגעשלאסען אין דעם קאאפעראטיווען אינטערנאציאנאל.

דער ארבייטער באנק איז געגרינדעט געווארען סוף 1921 מיט א נאמינאלען קאפיטאל פון 30.000 פונט, ער האט באקומען פון דער ציוניסטישער

ארגאניזאציע אין משך פון ערשטען יאהר 39.000 פונט אלס 5 פראצענטיגע הלואה בתנאי, אז קעגן יעדער 1.000 פונט. וואס דער באנק וועט אריינטראגען פאר פאר־קויפטע געוועהנליכע אקציעס, זאל די ציוניסט. ארגאניזאציע מיט די הלואה געלדער קויפען פארצוגאקציעס פאר 1.000 פונט. די הסתדרות האט צום 18־טען קאנגרעס געהאט א גרויסען ערפאלג ביי די וואהלען, און האט געבילדעט די עקזעקוטיווע.

# די יודישע שטעדט

## א) ירושלים

די הויפטשטאדט פון ארץ־ישראל, דער מקור פון דריי גרויסע אמונות, די עוויגע שטאדט׳ וואס איז 17 מאהל חרוב געווארען דורך פארשידענע שונאים, איז ווידער אמאהל אויפגעשטאנען תחית המתים. די שטאדט, באזונגען פון אלעמען, ווי די שענסטע, דאס הארץ פון דער וועלט, די פרייד פון אלע פעלקער און נא־ציאנען; ארומגערינגעלט מיט הויכע בערג, אויף וועלכע אין דער גאלדענער עפאכע פון דער יודישער זעלבסטשטענדיגקייט, האבען פאראדירט די זומער פא־לאצען פון די רייכע גבירים, ארומגערינגעלט מיט די וואונדערבארע טאראסען, פון וועלכע היינט איז קיין זכר ניטא, וויסטע נאקעטע בערג, אויף וועלכע ס׳פאשען זיך סטאדעס שעפסען און באראנעס, וועלכע איין גאטט ווייס פון וואנען זיי נע־מען די ערנעהרונג, וואס מאכט זיי אזוי פעט און דאך, ווי שעהן זענען די דאזיגע בערג, וואס האבען קיין גלייכען ניט אין דער גאנצער וועלט מיט זייער פארב און גלאנץ....

ווען מען פאהרט ארויס פון תל־אביב, פיהרט דער פראכטפולער אספאלט־שאסע דורך יפו, פארביי מקוה ישראל, רמלה און אנדערע אראבישע שטעטלעך און דערפער. דער אויטא לויפט דורך די שענע פרדסים פון דרום, מאכט נאכדעם דורך א זיג־זאג בארג ארויף און אראפ. שוין פון מוצא אנטפלעקט זיך די וואונדערבארע פאנאראמע פון דער הייליגער שטאדט, ס׳בלישצען פון ווייטען אין זונען־שיין די הויכע שטיינערנע בנינים, געבויט מאסיוו פון געהאקטע שטיינער. מען זעהט די קופאלען פון די קלויסטערס, ס׳באווייזען זיך די גרויסע געביידעס פון פארשי־דענע בתי יתומים, מושבי זקנים, און נאכדעם דער קליי׳נער מארק, וואס פיהרט צום מגדל דוד און דא הויבט זיך אן דער פארכשופטער מזרח. א מיש־מאש פון קליידער און געשטאלטען, אלטע יודען אין פארשידענע טראכטען, אראבער אין די ווייסע לאנגע העמדער, גריכישע און ארמענישע ארטאדאקסישע גייסטליכע אין די שווארצע לאנגע רעק מיט די גרויסע הויכע קאפעליושען, די קאטוילישע יעזו־איטען מיט די קליינע יארמולקעס אויף די קעפ, מוזולמענער אין די לאנגע אבא־יעס, בעדעקט די קעפ מיט די ווייסע און קאלירטע טורבאנעס, חלוקה־יודען מיט די לאנגע געקרייזעלטע פאות, מיט די קאפאטעס ביז צום ערערד, סאמעטענע גארטלען און שטריימעלס. און צווישען זיי א גרויסע צאהל אייראפעאישע טוריסטען מיט די בעדעקערס אין האנד, וואו קען מען נאך טרעפען אזא באצויבערטען קאליי־דאסקאפ. די שטאדט אליין באשטעהט פון צוויי טיילען, די אלטע און די נייע. די אלטשטאדט איז ארומגערינגעלט מיט א געמויערטע וואנט, וואס ציהט זיך אויף 4 קילאמעטער, די געסלעך ענגע און שמאלע, אז קיין פוהר און וואגען קען ניט אריין. העכסטענס שלעפט זיך דורך דער אייזעל אדער דער קעמעל מיט זיינע שווערע משאות. די קווארטאלען איינגעטיילט אין מוסלמענישע, קריסטליכע, יו־דישע און ארמענישע איינוואהנער. אויף יעדען שריט און טריט — א היסטארישער

זכר. ווי אלט־ניי קלינגען פאר אונזער יודישען אויער די נעמען פון הר־הבית, כותל מערבי, מגדל דוד, די קברים פון די נביאים, יד אבשלום, אט הויבט זיך דער הר הזיתים, דארטען ליגען די ביינער פון די באריהמטע תנאים, אמוראים און סתם מקובלים. ס'איז נאך ניט געקומען דער ריכטיגער היסטאריקער, וועלכער זאל אויפ־דעקען די אלטע מצבות, און דערצעהלען די געשיכטע פון די, וואס ליעגען בא־גראבען אונטער די מורמעל און איינפאכע שטיינער. ס'ליגען נאך פארבארגען אין דער ערד מאנכע היסטארישע סודות, וואס ווארטען, מען זאל זיי אויספארשען, ערקלעהרען. פון דער אלטער וואנד קריכען ארויס די רעשטען פון אמאליגע טויערען, דער שער הזהב, שער האשפה, שער הפרחים און אנדערע; אט איז נאך די חצר־המטרה, וואו דער נביא ירמיהו איז געשטאנען צוגעשמידט צו דער וואנט דערפאר, וואס ער האט געהאט די דרייסטיגקייט צו זאגען דעם מלך צדקיהו דעם ביטערן אמת. אט איז דער וועג, דורך וועלכען יעדער באזיגער, אנהויבענדיג פון סנחריב ביז די ענגלענדער פון היינט, זענען אריין ווי טריאומפאטארען אין די שטאדט ירושלים. וויפיעל פעלקער, האבען העלדיש געקעמפט צו ער־אבערן די שטאדט. שוין לאנג ניטא קיין זכר פון די אמאליגע וועלט הערשער און די קינדסקינדער פון די חשמונאים, פון די גבורי ישראל, זוכען היינט זייער תקון אין די הייליגע ערטער און שלינגען איין מיט דורשט יעדען אנבליק פון דעם אמא־ליקען גלאנץ. אט שיינט די לבנה, דער איינציגער עדות, וואס האט בייגעוואהנט די פרעהליכע און שרעקליכע מינוטען פון דער צויבערשטאדט. ריהרענד זעהט נאך יעטצט אויס דער וועג פון פיין Via de la Rosa, איבער וועלכער ס'איז געגאנגען כריסטוס מיט זיין שווערען הילצערנעם קרייץ אויף די פלייצעס, יעדע פאר מי־נוטען האט ער זיך אבגעשטעלט און פון זיין מויל האט זיך ארויסגעריסען דער פסוק: אלי, אלי, למה עזבתני און לזכר די טריט שטעהען ריזיגע קלויסטערס, וואס קוקען שטיב צום בלויען הימעל. יעדע נאציע האט זיך אנגעשטרענגט איבער־צושטייגען די אנדערע מיט איהרע מאנומענטאלע בנינים......

דער וועג צום כותל המערבי פיהרט דורך די ענגע געסלאך, וואס ציהען זיך בארג אראפ אויף שטיינערנע טרעפלאך, פון ביידע זייטען יודישע און אראבישע געוועלבער (קלייטען), שמוציגע און נידריגע, דארט באקומט איהר כלערליי מזרח־פירות, זילבערנע תכשיטים, אויסארבייטונגען פון עצי זית. דארטען זיצען אויף די בעלי מלאכות, און פירען זייערעווארשטאטען. און הארט ביי דער טרויער־וואנט שמוציגע נידריגע אראבישע געביידקעס וואו די מענשען מיט די אייזלען, בהמות און עופות, וואלגערן זיך צוזאמען אויף די ליימיגע פאדלאגעס: און יעדער באזונדער לייגט צו אביסל שמוץ פון זיך. און נאך זיי שטעהט די וואנט, גע־בויט פון פיערקאנטיגע פעסטע שטיינער. זי שטעהט שטאלץ, שלאנק, גלייך און פארטראכט אין זיך, פארטיעפט אין זכרונות, ווען אלץ ארום האט דא געוויסט פון מענשען, און איהרע שטיינער, דורכגענעצט פון יודישע טרעהרען, פון די מיל־יאנען יודישע טוריסטען, וואס הערן ניט אויף צו קומען דורך די גאנצע צוויי

טויזענד יאהרען נאך דעם חורבן אויסגיעסען זייער בענגשאפט און גלייכצייטיג זיך באקלאגען אויף די יסורים פון לאנגען פינסטערן גלות. כלערליי יודען פון אלע עקען וועלט קענט איהר דא טרעפען איבערהויפט פרייטאג צו נאכט, שבת און יום טוב אין קורצע און לאנגע רעק, אין סאבעלנע און סאמעטענע היטלען, צילינדערס און מאדנע קאפעליושען. יונג און אלט, מענער און פרויען, שטעהען פאר דעם ספינקס, וואס רעדט ניט מיט ווערטער. אבער טרייסעלט אויף די נער־וען, רופט ארויס טרעהרען און טראגט אריבער דעם מענשען אין א נייע וועלט, פול מיט סודות און חלומות. א דיסהארמאניע צו דער שטימונג, זענען די ארעמע לייט און שלעפערס, אשכנזים און ספרדים, וועלכע רייסען די פאלעס, און בעטען נדבות, אויף פארשידענע דיאלעקטען און זאגען צו אז בזכות זה, וועט גיכער קומען די גאולה.... אלס קאנטראסט צו דער אלטער אינטערעסאנטער אבער איבערגעלעבטער אלטשטאדט, גלאנצען די קווארטאלען פון דער נייער שטאדט מיט זייערע וואונדערבארע שטאלצע געביידעס, וואס פארנעהמען נישט א צוואנ־ציג מאהל אזוי פיעל ווי די אלטשטאדט, ברייטע לאנגע געפלאסטערטע גאסען, רייכע האטעלן, קאפע׳ס און רעסטאראנס, געפוצטע שויפענסטער מיט די בעסטע און שענסטע סחורות פון דער גאנצער וועלט. פון דער יפו׳ער גאס פאהרט איהר מיט אויטאבוסען אין אלע 50 נייע יודישע שכונות, די גרעסערע און שענערע פון זיי זענען: רחביה (פיעל געגליכען מיט איהר קאנסטרוקטור צו תל־אביבער נייע גאסען) תלפיות (די פארשטאדט, וואו ס׳וואוינען די רייכערע פקידים, העכערע אינטעליגענץ, רוממה, בית הכרם (א ווארילער פלאץ פאר זומערוואוינונגען.) די קווארטאלען שטעהען הויך, וואו די לופט איז רייגער. אין די לעצטע יאהרען איז שוין כמעט א אבגעמאכטע זאך צווישען פיעל פאמיליען פון תל־אביב און ירושלים, אז זיי בייטען זיך אין די זומער חדשים מיט זייערע וואהנונגען, די תל־אביבער כאפען זיך אריבער קיין ירושלים זיך אבקיהלען פון די דושנע היצען, און די ירושלימער תושבים נוצען אויס די צייט זיך אויסצובאדען און פערווייל׳ען אויף דער תל־אביבער פלאזשע.ביידע האבען פון דעם חילוף א גרויסען נוטצן פארן געזונד, ווייל אין ארץ־ישראל, וואס כמעט יעדע 2 שעה רייזע איז אנאנדער קלימאט, איז גוט ווען מען בייט אויף א קורצע צייט די לופט.

פון די 90.000 ירושלימער איינוואוינער, זיצען 25.183 אין דער אלטשטאדט, און 65.320 אין דער נייער שטאדט. ווען ניט דער טרויעריגער פאקט, וואס ירושלים האט נאך אלץ ניט אין א געניגענדער מאס וואסערלייטונג און קאנאליזאציע, וואלט די שטאדט שוין לאנג פיעל פארגרעסערט געווארען. נאך מעהרערע הבטחות האט מען ענדליך אנגעהויבען דורכצופיהרען די רעהרען אויף וואסערלייטונג און דאס האט שוין פארגרעסערט די אונטערנעהמונג פון בויען נייע הייזער, ווייל ביז יעצט איז מען קיין מאהל ניט געווען זיכער, צי מען וועט ניט זיין געצוואונגען איבערצורייסען די ארבייט אין מיטען צוליעב מאנגל פון וואסער.

אין ירושלים געפינט זיך דער העברעאישער אוניווערזיטעט, די נאציאנאלע ביבליאטעק, די העכערע קורסען פאר אדוואקאטען, אלע נאציאנאלע אינסטיטוציעס

(סוכנות, קרן קימת, קרן היסוד און אנדערע). דאדורך איז די שטאדט באריכט געווארען מיט א גרויסער צאהל אינטעלעקטועלע אינטעליגענץ. בכלל איז דער ניווא פון ירושלים א פיעל העכערער ווי פון דער פראזאישער תל־אביב. ארץ־ישראל האט אין זיך א געוויסע טראדיציע, א היסטארישען סימבאל, די גראנדיעזע שטיינער רופען ארויס רעספעקט, און דער דורכגעהער טרעט לאנגזאם, גלייך ווי ער וואלט מורא געהאט, ער זאל ניט צוטרעטען א וויכטיגע זאך. אין די פייכטע נעכט לאזט זיך הערען א געזאנג פון א גרופע חלוצים, וועלכע מארשירען אין אלטשטאדט און זינגען אויס זייער בייגשאפט און איבערגעבענהייט צו דער יודישער הויפטשטאדט.

## ב) תל אביב.

ווען די ערשטע חובבי ציון האבען אנגעהויבען צו פארסירען די יודישע אימיגראציע קיין ארץ ישראל, האט זיך אלס ערשטער עטאפ, אלץ קאנצענטרירט אין דער אלטער, דעמאלט נאך מער פערשמוצטער יפו. די געוועזענע תושבים פון מאדערנע שטעדט אין אייראפע האבען זיך אויף קיין פאל ניט געקענט צו גע־וואוינען צו די אנטיסאניטארע באדינגונגען פון דער פארט שטאדט, וואו ס׳איז ניט געווען קיין זכר פון היגיענע און ריינקייט. מיט יעדען טאג איז די לאגע גע־ווארען ערנסטער, די וואוינונגען ענגע אין ניט בעקוועמע, די הויפען פארנאכ־לעסיגטע, וואו ס׳וואלגערען זיך ארום האלב נאקעטע קינדער, אנגעשטעקטע מיט דער אויגענקראנקהייט. אין די טעג פון פארצווייפלונג האט א קליינע גרופע ענערגישע יודען באשלאסען פאר יעדען פרייז זיך ארויסצורייסען פון יפו און זיך אריבערטראגען מיט די פאמיליעס אויף א נייעם ווינקעל ניט ווייט פון ברעג ים, זיי האבען אויסגעזיכט א שעהנעם זאמדיגען געגענד, וואו די לופט איז ריין, אבער רינגס ארום א מדבר פון זאמד, זעלטען ווען שלעפט זיך דורך א קאראוואנע פון קעמעלן. ביי דער נאכט לאזען זיך הערען די יאמערליכע גע־שרייען פון די שאקאלען און ס׳טרייבט אן א פחד אויף די אונרוהיגע נערווען. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם, שפירט מען זיך דאך פרייער ווי אין דער דוש־נער יפו. נאך פיעל נאכדענקען האבען די ענערגישע מענשען באשלאסען אין יאהר 1906 צו גרינדען א געזעלשאפט מיט דעם נאמען «אחוזת־בית», וועלכע האט געהאט דעם צוועק אויסצובויען פאר זייערע מיטגלידער א מין גארטען־שטאדט. אין יאהר 1909 האט מען געלייגט א פונדאמענט צו די ערשטע הויזער פון די היינטיגע תל־אביבער גאסען: הרצל, יהודה הלוי, און ליליענבלום. אין דער צייט פון דער טערקישער הערשונג איז תל־אביב געווען בעטראכט אלס פאר־שטאדט פון יפו, אין איז געווען אינגאנצען פון איהר אבהענגיג. ערשט אין מא־נאט מאי 1921 יאהר, נאכדעם ווי די מאנדאט־מאכט האט איינגעפיהרט אין לאנד די ציווילע פארוואלטונג, באקומט תל־אביב דאס רעכט פון א אויטאנאמער שטאדט. די שטאדט פערוואלטונג פון 12 אויסגעקליבענע ראטמענער, דעצידירען אלע אבצאהלונגען פון די איינוואהנער לטובת דער שטאדט. אין דער זעלבער צייט איז אויך ערלויבט געווארען דער שטאדט צו ארגאניזירען א אייגענע פא־

ליציי. (אין דעם יאהר 1932 ווערען די דאזיגע פאליציאנטען איינגעשלאסען אין דער אלגעמיינער פאליציי פון לאנד) אין יאהר 1922 ווערט לעגאליזירט דער שטאדטישער געריכט (משפט העירוני). וואס זיין צוזאמענשטעלונג באשטימט דער נציב פון די שטענדיגע איינוואהנער פון דער שטאדט. דער שטאדט־פרעזי־דענט איז גלייכצייטיג דער פארזיצער פון געריכט.

אין יאהר 1934 ווערט 25 יאהר, זינט תל אביב האט זיך אנגעהויבען צו בויען, דער מאגיסטראט גיעט ארויס צוליעב דעם אנדענקען א בוך. אלס אילוסט־ראציע פון דער שנעלער אויפבוי פון דער שטאדט, באווייזט דאס שטייגען פון די איינוואהנער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אזוי איז אין יאהר | 1911 | געווען אין גאנצען 550 | איינוואהנער |
| » » | 1919 | 3000 | » |
| » » | 1922 | 15000 | » |
| » » | 1924 | 22000 | » |
| » » | 1929 | 38000 | » |
| » » | 1933 | 85000 | » |

אין 1910 זענען געווען בלויז 600 הייזער מיט 300 צימערן, אין 1932— 4500 הויזער מיט 28000 צימער, אין 1910 האט דער גאנצער שטח פון דער שטאדט פארנומען 121 דונאם, אין 1932 — 6000 דונאם.

דער בודזשעט פאר 1933 באטרעפט 167.000 פונט אין דעם געהען נאך ניט אריין די עפענטליכע ארבייטען. בויען שולען און פרעבל־גערטנער אויף א סומע פון 75.000 פונט און נייע אספאלטירטע גאסען אויף א סומע פון 21.000 פונט. תל־אביב איז די איינציגע אין דער וועלט א ריין יודישע און העברעאישע שטאדט. אין אלע רעגירונגס און פריוואטע אינסטיטוציעס קען מען זיך פארשטענדיגען אויף העברעאיש. אפיציעל רוהט מען אין די יודישע יום טובים, שבת און יום טוב ווערען געשלאסען אלע געשעפטען און בענק, אפילו די, וואס געהערען צו ניט־יודען (די אבטיילונג פון ווארשאווער P. K. O. שליסט אויך איהרע ביורעס אין די טעג). מיט יעדעם יאהר קומען צו נייע אונטערנעהמונגען, פאבריקען און גע־שעפטען, וועלכע האבען זיך ניט צו שעמען מיט די גרעסטע אוניווערסאל־גע־וועלבער אין אייראפע. אין יאהר 1932 האט תל־אביב פארברויכט 8 מיליאן קילא־וואט עלעקטרישער קראפט.

די שטאדט פארמאגט אויך שענע און באקוועמע עפענטליכע געביידעס די אפערע מוגראבי, קינא׳ס ווי אויך מאדערן מיט קאמפארט איינגעריכטעטע האּ־טעלן און קפעה׳ס אין שטאדט גופא ווי אויך ביים ברעג־ים. ס׳פראיעקטירט זיך איינצוארדנען א גרויסע פליאזשע אזוי, ווי אין דער פראנצויזישער ריוויערע, איבערהויפט טראכט מען וועגען דעם, אז תל־אביב זאל ווערען אויך דער קוראָרט פון מזרח.

יעדע צוויי יאהר ווערען איינגעריכטעט די «לעוואנטינער ירידים», וועלכע ווערען צאהלרייך באזוכט פון די בעסערע ספערען פון גאנצען נאהענטען מזרח

און ביי דעם ווערען געשלאסען גרעסערע האנדעלס טראנזאקציעס.

תל־אביב קאנצענטרירט ביי זיך אלץ מעהר פארשידענע קולטורעלע אינס־טיטוציעס: די שטענדיגע טעאטערס: «הבימה» און «האוהל», די לוסטיגע רעווי «מטאטא» פון צייט צו צייט ווערען געגעבען אפערע־פארשטעלונגען; א שטאד־טישע לעזע און לייה־ביבליאטעק, «שערי ציון», ווי אויך א וויסענשאפטליכע לעזע־זאל אין הויז פון אחד העם זכרונו לברכה, א מוזעאום פון קונסטבילדער און גראפיקא אין הויז פון מ. דיזענהאף.

תל־אביב באזיצט אויך גרויסע הורט־לאגערס, וואס באזארגען דאס גאנצע לאנד מיט פארשידענע סחורות, האנדעלסאגענטורען וועלכע רעפרעזענטירען כמעט אלע פאבריקען פון דער גאנצער וועלט.

צוליעב דעם ווארימען קלימאט איז זעהר אנגענעהם צי באדען זיך אין ים פיעל יונגע און עלטערע פערזאנען נוטצען אויס די ווארימע זון אפילו ווינטער־צייט און באדען זיך אהן אויפהער א גאנץ יאהר.

די לעצטע צייטען זענען אויך צוגעקומען ווארימע ים בעדער, אין וועלכע מען קען באקומען לויט די מעדיצינישע פארשריפטען אויך פערשידענע הייל בעדער.

תל־אביב האט שוין זיינע טראדיציאנעלע פארוויילונגען, חנוכה פאראד פאר די שול יוגענד, חמשה עשר בשבט אין ראש השנה לאילנות ווערען דורך די קינדער פארזעצט בוימער אויף די נייע גאסען. דער קארנאוואל אין פורים, אין וועלכען ס׳באטייליגען זיך כמעט דער גאנצער ישוב, ווערט שטארק באזוכט אפילו דורך די אראבער. פיעל טוריסטען באמיהען זיך אויסרעכנען זייער קומען אויף דעם אריגינעלען עכט יודישען קארנאוואל. תל אביב איז שוין ענג אין איהרע ביזהעריגע גרעניצען און זיכט זיי צו פארברייטערען אויף דעם צווייטען זייט פון ירקון, ווי אויך אין די געגענדען ביז פתח תקוה. א גרויסע צוקונפט האט די געגענדען אין דרום פון תל אביב, וועלכע דארף פארבונדען ווערען מיט א דירעקטען וועג אין אויסמיידען יפו. אין די געגענדען אזוי גערופענע «דזשעבילו» האבען די יודען איבער 27.000 דונאם (דאס הייסט א שטח איבער 5 מאהל אזוי גרויס ווי יעצטיגע תל אביב). די לופט איז דארטען ריין, די פליאזשע א ווייסע און ניט אויסגעטרעטן, א טייל דערפון איז שוין פערבויט דורך די חברה: «בית־וגן». דער איינציגער עכוב איז, וואס דער דירעקטער וועג איז נאך ניט אפען, ווען דאס וועט געשעהן, וועט מען קענען פון תל אביב דורך א פערקירצטען וועג האבען א דירעקטע פארבינדונג מיט ירושלים און די קאלאניעס. די זאמדען «דזשעבעלו» ציהען זיך ביז דער פערמע מקוה ישראל אין זאגאר ווייטער פאזע ים ביז איבער ראשון לציון. אין דעם 25־טען יובילעי־יאהר 1394 עפענען זיך אויף צום פיערטען מאהל די אויסשטעלונגען אויף דעם מזרח־יריד אין א פיעל פער־גרעסערטן פלאץ און ספעציעלע בעטאן־געביידע, איינגעארעדנט דורך די געזעל־שאפט «מסחר ותעשיה».

## ג) חיפה

מיט עטליכע צעהנדליגע יאהרן צוריק איז חיפה געווען א קליין פארוואָרפענע שטעדטיל, יעצט הייסט זי ביי אלעמען די שטאדט פו צוקונפט, די ענגלענדער האבען אויסגעבויט א באקוועמען מאדערנעם פארט, אין דער פאקט אליין ציהט צו די חלוצים פון אינדוסטריע און האנדעל; סווערען געגרינדעט בענק, טראנס־פארט־געזעלשאפטען, פאבריקען אין האנדעלסגעזעלשאפטען. ביז יעצט האבען די שיפען ניט גיקענט אין ארץ ישראל קומען נאהענט צום ברעג, אין זענען געבלי־בען שטעהן אין מיטן ים, פון וואנען מען האט געמיזט זיך איבערזעצען אין די קליינע פרימיטיווע אראבישע שיפלעך. אין דעם נייעם פארט פון חיפה דער־געהנטערן זיך אפילו די גרויסע שיפען צום סאמע ברעג אין די פאסאזשירען שטייגען דירעקט אויס אויף די יבשה. מען מוז ליידער קאנסטאטירען דעם טרויערינען פאקט, אז די יודען האבען ניט געהעריג אבגעשאצט די וויכטיגקייט פון חיפה׳ר פארט, אלס פאבריק־און האנדעלס צענטרום, אין די לעצטע יאהרען האט מען זיך גיכאפט, אז מען מוז פארריכטען דעם עקאנאמישען חטא.

די אלטשטאדט פון חיפה, באוואהנט מעהרסטענטיילס דורך אראבער, האט אלע צייכען פון די מזרח שטעדט, שמאלע שמוטציגע געסלאך, ניט באקוועמע און ניט היגיעניש איינגעריכטעטע הויזער, געבויט אהן א פלאן און א סדר, דאגעגען די נייע יודישע קווארטאלען ווי בת־גלים, ביים ברעג פון ים, הדר הכרמל, אויף דעם וועג צום כרמל, וועלכער ווערט און די הייסע זומער-מאנאטען דורך פיעל רייכע יודישע פאמיליעס, בעזעצט אלס אפרו־ארט, זענען שעהן און מאדערן געבויט, די ברייטע גאסען באזעצט מיט טראפישע בוימער, זענען פארבונדען דורך א באקוועמע אויטאבוסען קאמוניקאציע.

אין חיפה געפינט זיך דאס טעכניקום, רעאל־שול, די מיהלען פון באראן ראטשילד, די צענטראלע פון פיק״א׳ די עהל פאבריק ״שמן״, וועלכע באשעפטיגט 16 ארבייטער און עקספארטירט פיעל עהל און קאסמעטיק קיין אייראפע, אמע־ריקע און אפריקע. 4 קילאמעטער פון חיפה געפינט זיך די צעמענט פאבריק ״נשר״ מיט א גרונט־קאפיטאל 3000.000 פונט, וועלכע קען אויסארבייטן אין א יאהר ביז 120 טויזענט טאן, וועלכער ווערט אויך פועל עקספארטירט און די נאהענטע מדינות, ביי דער פיבערהאפטע בוי־בעוועגנונג, מוז די פאבריק ארבייטען טאג אין נאכט, און קען קוים דעקען דעם באדארף אין לאנד גופא.

## ד) חברון

א היסטארישע שטאדט, דער ארט פון מערת־המכפלה, און דער געגענד געפאר־נען זיך די בעסטע קור־טרויבען, די איינוואהנער באשעפטיגען זיך מיט לאנד־ארבייט און באזארגען אויך מיט סחורות די בעדואינער פון די ארומיגע געגענדען. א מאל איז דא געווען א גרויסע יודישע קהלה, מיט ישיבות, אייגעפיהרט דורך גדולי ישראל נאך דעם פאגראם אין 1929 איז צווישען דער אלגעמיינער צאהל 17531 איינ־וואהנער אין חברון פארבליבען בלויז 125 יודען.

## ה) צפת

די קרייזשטאדט פון גליל העליון. אין 15 טען יאהרהונדערט האבען זיך דא באזעצט די עולי ספרד, צווישען זיי גרויסע געלעהרטע און מקובלים. אין דער שטאדט איז געווען א גרויסער האנדעל מיט די פאבריצירטע געשפינטע וואל און פארטיגע קליידער, צפת געהערט צו איינע פון די 4 הייליגע שטעדט, די ערשטע ישיבות, וואו מען האט געלערנט פיעל קבלה, פון די ישיבות זענען ארויס באריהמטע מלומדים. די שטאדט ליעגט צווישען בערג אין האט א צוקונפט אלס קוראָרט און א זומערוואוינונג ווייל די ליפט איז קיהלער און אנגענעהם, ס׳קענען דארטען אויפשטעהן מאדערנע סאנאטאריומס אין קורהויזער׳ ליידער נוטצען עס ניט אויס די קאפיטאליסטען, וועלכע זענען נאך אונגעשראקען פון די אראבישע אונרוהיגע טעג אין יאהר 1929.

## ו) טבריה

ליעגט אויף דעם ברעג פון „כנרת״, פאר דער מלחמה זענען אין שטאדט געווען גרעסערע ישיבות, דאס רוב פון די איינוואוינער האבען זיך גענעהרט פון חלוקה געלדער, די ישיבות האבען זיך אויך געהאלטען אויף די נדבות פון די גלות לענדער. די קליינע צאהל בעלי מלאכות און סוחרים האבען געצויגען די ערעמע חיונע פון דעם מסחר מיט די אראבער פון עבר הירדן, נאך דער מלחמה ווען די געגענדען פון עבר הירדן זענען אבגעריסען געווארען פון ארץ ישראל איז טבריה שטארק פארארימט געווארען, עטוואס האט דערלייכטערט די לאגע, דער טוריסט וועלכער ברענגט עטוואס לעבען. פון די איינוואוינער איז די גרע־סטע טייל יודען. דער נייער פיערטעל קרית־שמואל האט שוין בעסערע לופט און שטעהט אין א ענגערן קאנטאקט מיט די ארומיגע יודישע קאלאניעס. לעטצ־טענס אנטוויקלען זיך אויך די הייל בעדער „חמי טבריה, וואס האבען געהאט נאך א גוטען שם אין דער יודישער געשיכטע.

# די עקאנאמישע סטרוקטור פון ארץ ישראל

(אויף דעם סמך פון די סטאטיסטישע ציפערן, וועלכע זענען געדרוקט אין קאאפעראט־יון קאלענדאר לוח קאופרטיבי שמושי לשנת תרצ״ד 1933—1934, רעדאגירט דורך יל״ג כהנביץ.)

דער יודישער ישוב, וואס האט געצעהלט אין 1919 יאהר 57.000 נפשות, דערגרייכט אין מיטן 1933 יאהר די צאהל פון 225 טויזענד נפשות, דאס הייסט ער איז פארגרעסערט 4 מאהל אזוי פיעל. אין די שטעדט פארנעמט די יודישע באפעלקערונג א בעדייטענד ארט אט א קורצע טאבעלע:

| די שטאדט | די צאהל איינוואהנער | דער יודישער פראצענט |
|---|---|---|
| ירושלים | 90,000 | 66 % |
| תל־אביב | 65,000 | 99 „ |
| חיפה | 54,000 | 33 „ |
| יפו | 51,000 | 14 „ |
| טבריה | 8,600 | 62 „ |
| צפת | 9,500 | 28 „ |

אין די אלע דאזיגע שטעדט האט אין אנהויב 1933 יאהר דערגרייכט די צאהל פון די יודישע איינוואהנער ביז 170.000 נפשות געגען די 69.000 פון 1922 יאהר, און די דערפער האט די צאהל פון 1922 יאהר 15.172 זיך געהויבען אויף 55.000 אין 1933 יאהר.

לויט די רעגירונג סטאטיסטיק, געשטיצט אויף די פאלקסצעהלונג פון 1931 יאהר, פארנעהמען די יודען 33 % אין האנדעל, 20 % אין טראנספארט, 42 % אין דער אינדוסטריע, און בלויז 9 % אין דער לאנדווירטשאפט. דאגעגען אבער אין דער אינטענסיווער לאנדווירטשאפט פארנעמט דער ישוב א גאנץ חשוב׳ן פלאץ. 43 % אין פרדסים פלאנצונגען, 31 % אין די פארפלאנצטע וויינטרויבען, גרינסען און פירות, 51 % אין בינען און עופות־צוכט. אין די פרייע פראפעסיעס, דערגרייכט די יודישע צאהל 50 %. אזעלכע זענען די אפיציעלע רעגירונגסציפערן, אבער פון פריוואטע אויספארשונגען אין 1932 יאהר שטעלען זיך די ציפערן אנדערש פאר. לויט די דאזיגע באריכטען דערגרייכט דער פראצענט פון די יודען און דער אל־געמיינער באפעלקערונג 19,6 %, פון די אריינגעלעגטע קאפיטאלען און אינדוס־טריע — 66 %, דער אינדוסטריעלער פאבריקאט 50 %, אין דער לאנדווירטשאפט־ליכע פראדוקטען 25 %, און ציטרוסן פרדסים 60 %, און מילך פראדוקטען 50 %, און באנאנען פלאנצונגען 50 %, אין דער בוי ארבייט 50 %, אין אויטאמאבילען טראנספארט 35 %, אין די איינקונפטען פון די רעגירונגס פראדוקטען 45 %, און פאסט און טעלעגראפען־איינקונפטען, פון דער באן 40 % און אין אימפארט 45 %

## אימיגראציע.

אין 1932 האט זיך די יודישע איינוואנדערונג, צוליעב דער שווערער עקא־נאמישער לאגע פון די יודען אויף דער גאנצער וועלט, פיעל פארגרעסערט, אין דער ערשטער העלפט פון 1933 האט די יודישע איינוואנדערונג דערגרייכט ביז 11.200 פערזאן אין די לעצטע 13 יאהר שטעלט זיך פאר די יודישע איינוואנדערונג אין פאלגענדע ציפערן:

| אין יאהר | אריינגעקומען | ארויסגעפאהרען |
|---|---|---|
| 1920 | 10.000 | 1300 פערזאן |
| 1921 | 9900 | 1200 ״ |
| 1922 | 7844 | 1503 ״ |
| 1923 | 7420 | 3466 ״ |
| 1924 | 12856 | 2037 ״ |
| 1925 | 39801 | 2145 ״ |
| 1926 | 13081 | 7375 פערזאן |
| 1927 | 2713 | 5871 ״ |
| 1928 | 2178 | 2168 ״ |
| 1929 | 5249 | 1746 ״ |
| 1930 | 4744 | 1679 ״ |
| 1931 | 4075 | 666 ״ |
| 1932 | 9553 | 400 ״ |

## יודישע קאפיטאלען

אין יאהר 1932־33 (תרצ״ג) האבען די יודען אריינגעבראכט פיעל פארמעגענס אין ארץ־ישראל, ס׳איז נאך שווער פעסטצושטעלען די גענויע סומען, אבער לויט ווי מען איז משער בעטרעפט עס 4 מיליאן פונט, פון זיי 1½ מיליאן אין לאנדווירטשאפט, 1½ מיליאן אין בויען און די רעשט אין ווארשטאטען פאבריקען און האנדעל.

די דעפאזיטען און די בענק האבען אין סוף פון 1932 יאהר דערגרייכט די סומע פון 5 מיליאן פונט, אין אויגוסט 1933 האבען שוין די יודישע דעפאזיטען באטראפען 7 מיליאן פונט. דער צינזען זענען דאדורך פיעל פערקלענערט געווארען.

## דאס בויען:

אין פארלויף פון 8 יאהר פון 1924 ביז 1933 איז אין ארץ ישראל פארבויט געווארען הויזער אין ווערט פון 15 מיליאן פונט. דערפון אין ירושלים פאר 8.000000 פונט, אין תל־אביב 3.500.000 אין חיפה פאר 1.200.000, אין יפו 675.000 פונט. אין ירושלים פארנעהמען דעם ערשטען פלאץ רעגירונגס און געזעלשאפט־ליכע געבוידעס אין חיפה קאנצענטרירט זיך דאס בויען אויפן הדר הכרמל.

## לאנדווירטשאפט און גערטנעריי:

דער שטח פון באדען, וואס געהערט צו די יודען איז געשטיגען פון 649.000 דונאם אין יאהר 1922 אויף 1.200.000 דונאם, די העלפט אין פריוואטע הענד, און די רעשט ביי דער חברה פיק״א (30%) אין ביי קרן קימת (25%).

דאס רוב אין די פרדסים פון יהודה (פתח תקוה, רחובות, ראשון לציון, נס

ציונה, כפר סבא) אין שומרון (חדרה און זכרון יעקב) ווי אויך אין די נייע גע־גענדען (רמת גן, בני ברק אין מגדיאל).

די צאהל פון די יודישע פרדסים פערגרעסערן זיך מיט א שנעלעם טעמפא

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צום | סוף | 1924 | זענען | פון יודען | פערפלאנצט | געווארען | צוזאמען | 12.000 | דונאם |
| " | " | 1928 | " | " | " | " | " | 30.000 | " |
| " | " | 1930 | " | " | " | " | " | 58.000 | " |
| " | " | 1931 | " | " | " | " | " | 65.000 | " |
| " | " | 1932 | " | " | " | " | " | 95.000 | " |

אין די פרדסים זענען פארפלאנצט פאמעראנצן, גרייפרוטען, ציטראנען און אתרוגים. דורכשניטליך ברינגט א דונאם פרדס 100 קאסטען פירות, ס'זענען דא ערטער, אין וועלכע מען באקומט ארויס פון דונאם 150 און זאגאר 200 קעסטלעך:

צוליב דעם עקאנאמישען קריזיס אין דער גאנצער וועלט זענען די פרייזען שוואכער ווי געוועזען. די ג ר י י פ ר ו ט ע ן האבען זיך אנטוויקעלט ערשט נאך דער מלחמה. פון 1.951 קאסטען אין 1928 האט זיך געהויבען דער עקספארט אויף איבער 250.000 קאסטען גרייפרוטען.

ו ו י י נ ג ע ר ט נ ע ר: דער אלגעמיינער שטח פון וויינגערטנער בעטרעפט אין א"י 70 טויזענד דונאם, פון דעם 20.000 דונאם ברינגען טרויבען, פון וועלכע מען מאכט פערשידענע וויינען. און די רעשט זענען עס־טרויבען. צוזאמען ליעפערן די וויין־גערטנער 50.000 טאן. אין די אידישע קאלאניעס האט מען אויסגע־ריסען פיעל בוימער פון טרויבען, און אויף זייער ארט פארזעטצט פאמעראנצען, וועלכע ברינגען א גרעסערען פראפיט. דאס איז אבער געווען ניט קיין סאלידע ספעקולאציע.

ס'איז כדאי גוט זיך איינצוטראכטען אין פאלגענדער טאבעלע פון טרויבען עקספארט:

| דאס יאהר — | טרויבען, אין טאנען | ראזינקעס — אין טאנען | וויין און אנדער געטרענק אין ליטערן |
|---|---|---|---|
| 1926 | 216 | 129 | 1.357.000 |
| 1927 | 251 | 517 | 944.090 |
| 1928 | 246 | 258 | 1.217.000 |
| 1929 | 632 | 525 | 1.070.000 |
| 1930 | 525 | 297 | 1.109.000 |
| 1931 | 880 | 269 | 1.121.000 |

ביי דער פערגרעסערונג פון דער באפעלקערונג, וועלכע פארצעהרט פיעל עס־טרויבען, און נאכדעם ווי אמעריקא האט ארובגענומען דעם פארבאט פון טרינקען, קען מען האפען, אז דער געברויך אויפ'ן מארק ווי אויך דער עקספארט וועט זיך פיעל פארגרעסערן, און דריבער איז געווען א גרויסער זינד, ווען מען האט פארניכטעט די כרמים, וועלכע האבען געהאט א גוטע צוקונפט. דעסגלייכען

פארמעהרט זיך מיט יעדען יאהר די פראדוקציע פון באנאנען, וועלכע ווערט פארברויכט אויפֿן היגען פלאץ, ווייל ס׳זענען נאך ניט פארבערייט די נויטיגע טראנספארט־באדינגונגען. די איבריגע מינים פרוכטען ווי זיתים, מאנדעלן א. ד. ג. ווערען ניט ווי געהעריג עקספלאאטירט דורך די יודען.

געמיזען און גרינסען. ביז די אונרוהען אין 1929 איז דער גאנצער באטריב פון די גרינסען געלעגען אין די אראבישע הענד. א דאנק א קליינער גרופע פריינד פון דעם יודישען ישוב האבען אויך די יודען אנגעהויבען זיך באַשעפטיגען מיט גערטנעריי. ס׳איז זיי געלונגען ארויסצוברענגען אויפ׳ן מארק זעהר גוטע סארטען סאלאטען, קרויט, קאלאפיארען אוגערקעס פאמידארען א. ד. ג. ליידער אבער אנטוויקעלט זיך די גערטנעריי אין א פיעל קלענערער מאס, ווי דער מארק פארדערט. די פאכלייט באהויפטען, אז גערטנעריי איז זאגאר מעהר רענטאבעל ווי פרדסים און איז ניט אבהענגיג פון דעם עקספארט אויף דעם וועלט־מארק. דריבער איז נאך מעהר ניט פארשטענדליך, פארוואס דער מיטעלשטאנד מיט באַגרענעצטע קאפיטאלען ווארפט זיך ניט אויף דעם געביעט. דאסגלייכען איז אויך מיט פיה און עופות צוכט. די יודען וואס קומען פון אייראפע, זענען געוואויהנט צו א בעסערען ארט לעבען און פארברויכען פיעל מעהר, ווי דער ישוב ליפערט. איבער 2 מיליאן אייער ווערען געבראכט פון אויסלאנד, עבענפאלס בוטער און קעז ווערען אימפארטירט אין גרויסע קוואנטומס פון ליטא, לאטוויא און אויסטראליען עפעל פון קאנאדא, קאסטאניען פון גריכענלאנד א. א. וו. דאס אלץ האט מען געקענט ביי א געהעריגע אנווייזונג און גוטען ווילען פון די נייע איינזידלער בעקומען אין לאנד. מיר זענען אבער ליידער א עמא פזיזא, לעבען פון דער מאמענט־ספעקולאציע און האבען ניט קיין ווייטערען בליק אויף די צוקונפט. דאסזעלבע איז אויך מיט׳ן פישמארק. אבוואהל א דאנק די סאלאניקער יודען פאכלייט איז געלונגען ארויסצובאקומען פון ים און פון די אזיערעס אין כנרת איינטויזענד מיט צוויי הונדערט טאן פיש, אימפארטירט נאך ארץ ישראל פון אויסלאנד א ערך 2000 טאָן א יאהר.

אינדוסטריע: פאר דער מלחמה איז די פאבריקאציע אין א״י געווען זעהר פרימיטיוו און באגרענעצט, על פי רוב האנדארבייט. יעצט זענען בעשעפטיגט אין דער אינדוסטריע איבער 20.000 פערזאן, און דער גרונד קאפיטאל פון די אלע אונטערנעהמונגען באטרעפט איבער 6 מיליאן פונט, 2/3 דערפון יודישער קאפיטאל און די רעשט דייטשע, ענגלישע און אראבישע.

אין יולי 1933 האט די יודישע אגענץ דורכגעפיהרט א סטאטיסטיק פון יודישע פאבריקאנטען און בעלי מלאכה. ס׳זענען רעגיסטרירט געווארען 3134 אונטערנעהמונגען, וועלכע באשעפטיגען 16.900 פערזאן. די דאזיגע אונטערנעהמונגען האבען אויסגעגעבען אין איין יאהר (פון יולי 1932 ביז יולי 1933) אויף ארבייטסלויהן, רוישטאפען און עלעקטרישע קראפט 2.690.000 פונט, און זייער יאהריגער אומזאץ האט באטראפען 3.590.000 ביי אריינגעלעגטען קאפיטאל פון 4.630.000 פונט. ביים פארגלייך די רעגיסטראציע פון פריהלינג 1930 האט זיך

ארויסגעשטעלט, אז די אונטערנעהמונגען האבען זיך פארגרעסערט מיט 25% אבער די צאהל פון די באשעפטיגטע מיט 55%, און דער אומזאץ, ווען מען זאל נעמען אין חשבון די ירידה פון פונט האט זיך פארגרעסערט מיט 60%. אין דעם געהט שוין אריין אויך די גרויסע אינדוסטריע פון רוטענבערגס עלעקטריע און דער אספאלט פון ים המלח.

אין אלע צווייגען פון אינדוסטריע האבען יודען אויפגעשטעלט מאדערנע פאבריקען, וואס ליפערן ניט בלויז לויט די באדערפנישען פון ארטיגען מארק און שטופען אזוי ארום ארויס די אימפארטירטע סחורות, נאר ביסלעכווייז הויבען זיי אויך אן ארייננצודרינגען אין די אויסלענדישע מערק. די יודישע אינדוסטריע בעזארגט דעם מארק מיט: מעהל, מצות, ביסקוויטען, סוכארקעס, לאקשען, וויין, טאבאק, אלכאהאל, אייז, זייף, עהלען, זאלץ, צעמענט, ציגעל, באלאטען, שיך, זאקען, וועש, מאנופאקטור, שאקאלאד, מעבל, זאפאלקעס, קונסטליכע ציין, דיוואנעס און פארשידענע גאלאנטעריווארען. 1933—1932 זענען געווען יאהרען פון אויפבליה, אין רמת־גן זענען אויסגעבויט נייע גרעסערע פאבריקען צו מאכען זעק, זיידענווארע, כימיש־קאסמעטישע ארטיקעלן, צוקערווארען, ס׳זענען אויך פרא־יעקטירט ביער־ברויערייען, דראט און נעגעל פאבריקען, שטאלענע אויסאר־בייטונגען א. ז. וו.

דער אינדוסטריע־עקספארט איז אין 1932 געשטיגען מיט 76.000 פונט, (אנשטאט 346.391 אויף 422.731 פונט.) פון די ארטיקלען, וואס זייער עקספארט פארגרעסערט זיך מיט יעדען יאהר דארף מען באצייכנען ביסקויטען, פרוכט עסענסען, שפיגלען, בעטען, שרייבמאטעריאלען. פיל העלפט צו דעם עקס־פארט אנטוויקלונג דער מזרח יריד, וועלכער קומט פאר איינמאהל אין צוויי יאהר.

דער אימפארט איז געשטיגען פון 5 מיליאן פונט אין 1919 ביז 10 מיליאן פונט אין 1932 יאהר. דאס ערקלעהרט זיך דערמיט, וואס דאס לאנד האט ניט צוגעפאסט איהרע אויסארבייטונגען אין דער מאס, וואס די איינוואנדערונג האט זיך פארגרעסערט. אט עטליכע אינטערעסאנטע ציפערן.

| דאס יאהר | אימפארט | עקספארט |
|---|---|---|
| 1928 | 6.770.818 | 1.487.207 |
| 1929 | 7.166.593 | 1.554.262 |
| 1930 | 6.985.258 | 1.896·095 |
| 1931 | 5.940.000 | 1.872.061 |
| 1932 | 7.768.920 | 2.381.491 |

דער וואוכס פון אימפארט איז פיעל פארבינדען מיט דער גרויסער בוי־באוועגונג, וואס פארשטארקט זיך א דאנק דער יודישער איינוואנדערונג. אין דער עקספארט שט׳צט זיך מעהר אויף די פאמעראנצען אין גרייפרוטען.

א אינטערעסאנטע טאבעלע פון די באקומענע און געשיקטע סחורות לויט די לענדער

| אימפארט פון די לענדער | אין די יאהרען 1931—1932 | אין פראצענטען |
| --- | --- | --- |
| ענגלאנד | 16,8 | 20 |
| סיריען | 17,1 | 10,5 |
| דייטשלאנד | 10,7 | 10 |
| אמעריקא | 4‧3 | 6,7 |
| רומעניען | 6 | 6,7 |
| פראנקרייך | 3,6 | 4,4 |
| איטאליען | 4,1 | 3‧8 |
| מצרים | 17,3 | 15 |

עבענפאלס איז עקספעדירט געווארען אין די לענדער אין די יאהרען.

| | 1931 | 1932 |
| --- | --- | --- |
| ענגלאנד | 45,0 | 56,4 |
| סיריען | 14,2 | 9.6 |
| דייטשלאנד | 12,8 | — 14 |
| מצרים | 11,3 | 5,4 |
| רומעניען | 1—1 | 2—3 |
| פראנקרייך | 2—6 | 1—5 |

ליידער אין אימפארט ווי אויך אין עקספארט פארנעהמט פוילען א גאנץ קליינע ניטבאדייטענדען ארט. אבוואהל די יודישע מאסען ווי אויך די רעגירונג אין פוילען ווייזען ארויס א גרויסע איבערגעגעבענהייט צו די ציוניסטישע פאליטישע אינטערעסען. ס'איז נאך מעהר צו באוואונדערן, וואס פוילען נוצט ניט אויס ווי געהעריג די געלעגענהייט צו פארנעהמען דעם ארץ־ישראל'דיגען מארק נאכדעם, ווי די דייטשע סחורות ווערען באיקאטירט.

## די רעגירונגס הכנסות.

די ענגלישע מאנדאט־רעגירונג האט זיך ניט וואס צו באקלאגען אויף די יודישע עוליב, זיי ברענגען פרישען קאפיטאל אין פיעל ענערגיע, קויפען פלעצער און בויען הייזער, שטעלען פאבריקען און ווארשטאטען, און א דאנק דעם איז פארהאן א איבערפלוס פון הכנסות געגען די הוצאות אין ערשטען האלבען יאהר 1933 קרוב אנדערטהאלבען מיליאן פונט, דאס איז דאכט זיך דאס איינציגע לאנד אין דער וועלט, וואס ווייסט ניט פון קיין דעפיציטען, נור להפך די הכנסות שטייגען שטענדיג אריבער די הוצאות.

די הכנסות פון דער ארץ־ישראל רעגירונג קומען פון דירעקטע שטייערן, פארשיעדענע אבצאלונגען אין געריכט, ביים ארויסנעהמען קאנצעסיעס, באהן פאסט א. א. וו.

די הויפט הכנסה איז פון צאלאמט, צוליעב דעם, וואס דער אימפארט פארגרעסערט זיך מיט יעדעם יאהר ווערט אויך די הכנסה פון צאל אלץ בעדייטענדער. צאל ווערט גענומען ניט בלויז פאר אויסלענדישע פארטיגע סחורה, נור אויך פאר רוי שטאפען, וואס באשווערט פיעל די ארטיגע פאבריקאטען.

דירעקטע שטייערן זענען, מעשר פון לאנדווירטשאפט, שטאדטישע אבצאלונגען פון געביידעס און ליידיגע פלעצער, און אקציז פון טאבאק, פאפיראסען, זאפאלקעס און געטראנקען.

אונדירעקטע שטייערן זענען די אבצאהלונגען אין געריכט, סטעמפעל מאר־קען, רעגיסטראציע פון ערד (היפאטעקען) פאספארטען, טראנספארטען, קאנצע־סיעס פאר אויטאמאבילען, אדוואקאטען, רייזע ביוראס אין רייזע פיהרער, סוחרים און פאבריקען. קיין פאטענטען ווערען ניט אויסגעקויפט, פון אומזאץ (אבראטא־ווע) אין איינקונפט (דאכאדאווע) ווערט ניט גענומען. די לעצטע דריי יאהר איז איינגעפלאסען לויט די אפיציעלע קוועלען

| | 1930 | 1931 | 1932 |
|---|---|---|---|
| צאל | 991.688 | 922.080 | 1.193.714 |
| קאנצעסיעס | 740·164 | 604.771 | 776.142 |
| געריכט אין אנדערע אבצאהלונגען | 248.371 | 348.630 | 206.346 |
| פאסט אין טעלעגראף | 220.384 | 207.758 | 224.079 |

די רעגירונג געפונט ניט פאר נויטיג אנציגעבען, וויפיעל די יודען באטיי־ליגען זיך אין די הכנסות, אבער מען ווייס, אז זייער אנטייל איז א בעדייטענ־דער, דערגרייכט ביז 50%, און פונדעסטוועגען באקומען זיי פארהעלטניסמעסיג זעהר וועניג אויף די יודיש קולטורעלע און פילאנטראפישע צוועקען, אין דער צייט, וואס די אראבער, וועלכע באטייליגען זיך אין די הכנסות מיט א גאנץ קליינעם פראצענט, ווערען געשטיצט פון דער רעגירונג מיט א ברייטער האנד.



שכונת „נורדיה" ביי תל־אביב.

# פאלקסגעזונט.

א) הדסה: א געזעלשאפט געגרינדעט דורך אמעריקאנער ציוניסטישע פרויען, ערטיילט מעדיצינישע הילף אלע באדערפטיגע אהן אונטערשייד פון נאציאן און רעליגיע. דער געזעלשאפט זענען אונטערוואַרפען: ראטשילד׳ס קראנקען־הויז, דער שפיטאל אין צפת, אויסערדעם איז זי באטייליגט מיט 50% אין דעם שטאדטישען שפיטאל פון תל־אביב, און מיט 60% אין חיפה׳ער שפיטאל, זי האט אויך די השגחה איבער די סאנאטאריומס, געגרינדעט פון די פילאנטראפען נתן און לינא שטרויס אין ירושלים און תל־אביב. צו «הדסה» געהערען 22 צענט־ראלע געזונדהייטסערטער אין שטאדט און דארף, א היגיענישע אבטיילונג, וועלכע גיעט אכטונג אויף 27,000 שול־יוגענד, ארגאניזירט סקויטען גרופען, פיהרט א פארצווייגטע פראפאגאנדע צווישען די ברייטעסטע פאלקס־שיכטען, בעוואוסט־זיניגט זיי וועגען א געזונטע ערנעהרונג, א סיסטעמאטישען קאמפף מיט אנשטע־קענדיגע קראנקהייטען, מאלאריע, סוכאטעס וכד׳.

דער יעהרליכער בודזשעט פון «הדסה» בעטרעפט אין מזומנים 96,557 פונט, אויסער פראדוקטען און אנדערע מאטעריאלען. ווען די אמעריקאנישע עקאנא־מישע לאגע פארערגערט זיך, שטיצט די יודישע באפעלקערונג אליין וואס מעהר די סימפאטישע אינסטיטוציע.

# די ערציהונג.

ארץ־ישראל באזיצט פאלגענדע ערציהונגס־אנשטאלטען:

| אנשטאלט | אינסטיטוציעס | לעהרער | שול־יוגענד |
|---|---|---|---|
| פרעבעלגערטנער | 148 | 179 | 4,817 |
| פאלקס־שולען | 118 | 577 | 16,587 |
| מיטעלשולען | 15 | 96 | 1,654 |
| לעהרער־סעמינאריומס | 5 | 39 | 386 |
| פאך־שולען | 5 | 93 | 472 |

ס׳מוז לײדער, ביי דער געלעגענהייט, ווידער באמערקט ווערען, אז די מאנדאט־רעגירונג רעכענט זיך ניט דערמיט, וואס דאס גרעסטע טייל פון איהרע הכנסות שטאמען פון יודען, און שטיצט זייערע סאציאלע באדערפנישען מיט א גאנץ קליינער דאזע, אין דער צייט, ווען די אראבישע באפעלקערונג ווערט אין אלע פאלען פאווארייזירט.

יעדעס יאהר שטעהט דאס שול־וועזען פון ארץ־ישראל אין א גרויסע סכנה, זי זאל נישט צוגעמאכט ווערען. אין די לעצטע 12 יאהר זענען די אויסגאבען אויפן שול־וועזען געווען 1,764,000 פונט, דערויף האט די רעגירונג די גאנצע צייט געשטיצט בלויז מיט 130,000 פונט, און די רעשט דורך דעם קרן־היסוד פיק״א און שכר־למוד.

# פוילען–ארץ־ישראל ליניע

פויליש–טראנסאטלאנטישעס שיפס געזעלשאפט אק׳ ג׳

**ליניע גדיניא – אמעריקא**

אין ווארשא – מארשאלקאווסקע 116, טעל׳ 547-46



# שיף „פאלאניא"

**(15.000 טאן)**

רעגולערע שיפס קאמוניקאציע פון קאנסטאנץ
ביז ארץ־ישראל, דורך קאנסטאנטינאפאל, אין 3 טעג.
פון ארץ־ישראל ביז קאנסטאנץ, פירעאוס,
און קאנסטאנטינאפאל אין 5 טעג.

**אינפארמאציע און בילעטען פערקויף אין ארץ־ישראל, ביי די הויפט פארשטעהער**

# מ. דיזענגאף & קאמפ.

| יפו | חיפה |
| --- | --- |
| טעל. 405. 406 P.O.B. 252 | טעל. 509 P.O.B. 300 |

**ווי אויך אין אלע רייזע ביוראס.**

# צייטשריפטען אין ארץ־ישראל.

## טעגליכע:

«הארץ» — רעדאגירט דורך ד״ר מ. גליקסאן, אין תל־אביב.

«דבר» — ארבייטערצייטונג, רעדאגירט דורך ב. כצנלסון, תל־אביב.

«דאר היום» — רעדאגירט דורך ד״ר ש. פערעלמאן און פ. גינזבורג, ירושלים.

## וואכענבלעטער:

«הפועל הצעיר» — ארגאן פון מפא״י, תל־אביב.

«בוסתנאי» — ארגאן פון די אכרים, תל־אביב.

«היסוד» — ארגאן פון די מזרחיסטען, תל־אביב.

«הציוני הכללי» — אפיציעלער ארגאן פון די הציונים הכלליים, רעדאקטאר ש. שווארץ.

«חזית־העם» — ארגאן פון די רעוויזיאניסטען, רעדאקטאר ד״ר מ. הר־אבן.

«טורים» — א ליטערארישע וואכענבלאט, אויסגאבע «יחדו».

«עתון מיוחד» — א סענסאציאנעלע בלאט, ערשיינט צוויי מאהל אין דער וואך.

## צווייוואכענשריפטען:

«במעלה» — ארגאן פון די יוגנט־ארבייטער.

«בריאות» — ארגאן פון היגיענע און פאלקסגעזונט, רעדאקטאר ד״ר א. מאטמאן

«הד החנוך» — ארגאן פון דער לעהרער־ארגאניזאציע.

«עתוננו» — א צייטונג פאר קינדער און יוגנט.

«כלנוע» — א פאפולערע אילוסטרירטע צייטשריפט.

«השומר הצעיר» — דורך די קבוצים פון «השומר הצעיר» אין לאנד.

## מאנאטשריפטען:

«השדה» — ארגאן פון די קליינע לאנדווירטען, רעדאקטאר ש. ד. יפה.

«הדר» — ארגאן פון פרדסנים.

«ההד» — ארגאן פון די חרדים.

«הטבע והארץ» — פאפולערוויסנשאפטליכער זשורנאל.

«מאזנים» — א ליטעראטור וויסנשאפטליכער זשורנאל, רעדאקטארן ש. ליאכאווער און י. פיכמאן.

«המשק השתופי» — לאנדווירטשאפטליכער זשורנאל (הסתדרות).

«ידיעות עירית תל־אביב» — ארגאן פון דער שטאדטפערוואלטונג אין תל־אביב.

«קול תורה» — א רבנישער זשורנאל.

## פעריאדישע אויסגאבען:

«קואופרציה» — ערשיינט איין מאל אין 2 מאנאט, ארגאן פון די קאאפעראטיוון

«הרפואה» — ארגאן פון די מעדיקער, ערשיינט איין מאל אין 2 מאנאט.

«לשוננו» — ארגאן פון ועד הלשון, ערשיינט איין מאל אין 3 מאנאט.

«קרית־ספר» — ביבליאגראפישער ארגאן, ערשיינט איין מאל אין 3 מאנאט.

«תרביץ» — אויסגאבע פון העברעאישען אוניווערסיטעט אין ירושלים.

# דער העברעישער אוניווערסיטעט אין ירושלים.

דער העברעישער אוניווערסיטעט אויפן בארג «הצופים» איז געגרינדעט געווארען אין מאנאט אפריל 1925 יאהר. אין די ערשטע יאהרען פון זיין עקזיס־טענץ זענען געשאפען געווארען פערשידענע פאקולטעטען און אינסטיטוטן ווי צ. ב. יהדות, מזרח־וויסנשאפטען, כעמיע, זאאלאגיע א. א. וו. אין תרפ״ט איז געשאפען געווארען דער הומאניסטישער פאקולטעט, וועלכער אייניגט אללע הומאניסטישע אינסטיטוטען: דעם יהדות אינסטיטוט (תלמוד, תנ״ך, העברעישער ליטעראטור, העברעישע פילאזאפיע און קבלה, די יודישע געשיכטע אין מיטלאלטער די סאציאלאגיע פון יודען, דאס יודישע געריכט) דעם אינסטיטוט פאר מזרח־וויסנשאפטען (די אראבישע שפראך און ליטעראטור, די געשיכטע פון דער מוסולמענישער רעליגיע, אראבישע ארכעאלאגיע און קונץ) דעם אלגעמיינעם הומאניסטישען אינסטיטוט (פילאזאפיע, די היסטאריע פון אלטענטום און פון מיטעלאלטער, די גריכישע שפראך און ליטעראטור, די ליטעראטור פון מיטעלאלטער) די למודים דויערן 4 יאהר מינדעסט׳ן, אין דעם אויבען דערמאנטען פאקולטעט פון הומאניסטיק — כדי צו בעקומען די מדרגה פון מאגיסטעריום (Magister Artium) אין יאהר תרצ״ב האבען בעקומען די ערשטע 13 סטודענטען די בעשייניגונגען פון מאגיסטעריום. די דאזיגע סטודענטען בעקומען אין 2 יאהר שפעטער דעם דאקטאראט (דאקטאר פון פילאזאפיע).

אין יאהר תרצ״ב איז געעפנט געווארען דער אינסטיטוט פון ביאלאגיע וויסנשאפטען, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט די פאלגענדע אבטיילונגען: באטאניק, זאאלאגיע, כעמיע און ביאלאגיע, באקטעריאלאגיע, היגיענע און פראטא־זאאלאגיע. אויך דער פאקולטעט, פערלאנגט 4 יאהר לעהרע. דאס ערשטע יאהר איז געווידמעט דער צוגרייטונג און פארבערייטונג צו די לעהרע (פיזיק, כעמיע, מאטעמאטיק, געאלאגיע, קריסטאלאגראפיע און מעטעראאלאגיע.

איינשרייבען זיך אין אוניווערסיטעט קענען נור די אינהאבער פון מאטורע־שיינען פון א מיטעלשוהל וועלכע איז אנערקענט דורך דעם אוניווערסיטעט אדער די יעהניגע וועלכע בעלייגען דעם אוניווערסיטעט־עקזאמין וואס ווערט יעדעס יאהר איינגעארדנעט.

דער אוניווערסיטעט האט דאס רעכט ארויסצוגעבען א רשיון־עליה פאר זיינע קאנדידאטען וועלכע גרייטען זיך צו די למודים.

ביים אוניווערסיטעט עגזיסטירען:

א) «די נאציאנאלע אוניווערסיטעטס ביבליאטעק» וועלכע פארמאגט איבער 255,000 בענדער אין אללע שפראכען פון גאר דער וועלט. דעם ערשטען פלאץ פארנעמען די יודישע וויסנשאפטען אין אללע לשונות. א חוץ דעם זענען פאראן אבטיילונגען און ספעציעלע גרויסע זאלען פאר: אריענט־שפראכען, מעדיציהן (מיט ספעציעלע אבטיילונגען פאר דאקטוירים אין ירושלים, אין שפיטאל «הדסה» און אין «בית־הבריאות» אין תל־אביב.) פילאזאפיע, מאטעמאטיק

סאציאלאגיע און מוסיק. דער אוניווערסיטעט באקומט רעגולער 2000 צייטונגען און זשורנאלען אין אלע שפראכען. א חוץ דעם זענען פאראהן דריי פאפולערע לעזע־זאלען פאר יעדען מענש: 1) צייטונג און זשורנאלען לעזע־זאל, 2) בוך ביבליאטעק און 3) א זאל פאר האנד־שריפטען. די ביבליאטעק פארמאגט איהר קווארטאל־ביבליאגראפישע אויסגאבע «קרית־ספר». זי האט ביז היינט שוין ארויסגעגעבען די פאלגענדע קאטאלאגען: «קבלה האנד־שריפטען», «די שעהנע ליטעראטור אין עברית און איבערזעצונגען פון רמח״ל ביז היינט», «ספארט און שפיעל ביבליאטעק», «פעדאגאגישע ביכער», «אויסוואהל פון נאטור־וויסענשאפטליכע ביכער». דער ביבליאטעק׳ס לייטער איז ד״ר ה. בערגמאן.

ב) א אויסבארג ביבליאטעק פאר סטודענטען פון אללע פאקולטעטען און אינסטיטוטען.

ג) זאמלונגען: 1) ארכעאלאגישער זאמלונג, 2) באטאנישער זאמלונג, 3) ארץ־ישראלדיגע נאטור זאמלונג, 4) מוזעאום, 5) זאאלאגישער זאמלונג, 5) געאלאגישע־מינעראלאגישע זאמלונג, 7) אויטאגראפען און פארטרעטען זאמלונג פון גרויסע פערזעהנדליכקייטען אין יודענטום.

דער אוניווערסיטעט בעשטעהט פון 5 גרויסע בנינים (כעמיע־הויז, מאטע־מאטישער אינסטיטוט, אינסטיטוט פאר פיזיק, ביבליאטעק געביידע, דער אמפי־טעאטער.) א חוץ דעם זענען פאראהן געביידעס פאר ביוראס, געווערקסשטעלן, פאר די חיות און פאר מאשינען. עס ענדיגען זיך יעצט די ארבייטען פון באטאנישען־גארטען.

די לייטונג און הויפט־פערוואלטונג ליגט אין די הענד פון «חבר־הנאמנים» וועלכע ציילט 36 גרויסע וועלט־פערזענדליכקייטען אין אלע לענדער, אונטער דעם פארזיץ פון פראפ. חיים וויצמאן און לייטער פון אוניווערסיטעט, קאנצלער ד״ר י. ל. מאגנעס.

דער יעהרליכער אוניווערסיטעטס בודזשעט מאכט אויס 30.000 פונט.

---

# דער טעכניקום איז חיפה

דער טעכניקום איז געגרינדעט געווארען נאך פאר דער מלחמה, און איז געעפענט געווארען אין יאהר 1925. דער טעכניקום פערמאגט א גרויסע געביידע פאר טעארעטיק, די געווערק־געביידע, א גרויסע ברונען און א וואסער־טורם וועלכער שטעלט צו וואסער דעם גאנצען «הדר־הכרמל» און זיינע פעריפעריעס.

אין טעכניקום זענען פערהאן 2 אבטיילונגען: 1) בוי (Civil Engineering) און 2.) ארכיטעקטור. די לעהרע און די לעהר אבטיילונגען, זייער פארנעהם און מעטאד זענען די זעלבע וואס אין אללע הויכע טעכניקום־שולען אין חוץ־לארץ.

קאנדידאטען ווערען אנגענומען (אהן אונטערשיעד פון מין און רעליגיע) וועלכע האבען פארענדיגט א מיטל־שולע און זיינען עלטער פון 17 יאהר.

די קורסען דויערן 4 יאהר.

די דיפלאם עקזאמינס זענען אונטער דער השגחה פון פארשטעהער פון די ארץ־ישראל רעגירונג, די יודישע אגענץ, דעלעגאטען פון אינזשינירען און ארכיטעקטען פערבאנד און פון דעם לעהרער פערסאנאל.

די געענדיגטע סטודענטען זענען אנגענומען געווארען אין זייער פאך־בילדונגס שטעלען ביי די א״י רעגירונג אין ירושלים, חיפה און תל־אביב מאגיס־טראטען, א. א. וו.

פאר אויסלענדישע סטודענטען באקומט דער טעכניקום ספעציעלע איינטריטס ערלויבנישען (רשיון עליה).

אין טעכניקום זענען פארהאן דריי לאבאראטאריומס: פאר פיזיק, כעמיע און פאר אונטערזוכונג פון בוי־מאטעריאלען. די ביבליאטעק פארמאגט 5000 ביכער

ביי דעם טעכניקום איז ענטשטאנען א שולע פאר פאך־ארבייטער; די אבסאלווענטען זענען אנגענומען צו באהן־פאסטענס, ביי פארט־ארבייטען, ביי די עלעקטרישע ארץ־ישראל געזעלשאפט, ביים עקספלאאטאציע־מפעל ביים ים־המלח (חברת «אשלג»). עס זענען פארהאן אויך פאך־אווענד־קורסען פאר ארביי־טער וועלכע זענען בעשעפטיגט ביי טאג.

דער יאהר בודזשעט פון דעם טעכניקום מאכט אויס 7000 פונט.

---

## דאס «פוילישע הויז» אין ירושלים

געגרינדעט ספעציעל פאר פוילישע בירגער, טוריסטען, וועלכע קומען דאס הייליגע לאנד באזוכען.

דאס הויז שטעהט אונטער די השגחה פון זיין אייגענטימער גלח פאלסקי.

דאס יאהר זאל עס פארגרעסערט ווערען מיט עטליכע שטאק, צוליעב די גרויסע טוריסטען־פרעקווענץ אין ארץ־ישראל.





די גרעסטע
פאבריק אין לאנד



## פון אייזערנע בעטען און מעבעל

די פירמע «אמן־מרתכת» — ברידער אל דבי
תל־אביב, מרכז מסחרי, מרחביה גאס 17, טעלעפאן 1090
ס׳ווערען אויך אנגענומען ספעציעלע באשטעלונגען

---

# בנק שלמה המלך

ירושלים, P. O. B. 827, טעל. 1320
תל־אביב, רחוב הרצל 6 P. O. B. 581

**ערלעדיגט אלערליי באנק אפעראציעס**
**ביי=ארויסגעלאזענע פונטיגע פרעמיע=אבליגאציעס.**
**יעדע געקויפטע אקציע — בויט דאס לאנד!!**

---

# בנק אשראי, חברה הדדית בע״מ

ת. ד. 119, טעלעפאן 963,—964 טעלעגראף־אדרעס: "Ashraibank" Tel-Aviv

ערלעדיגט אלערליי באנק־אפעראציעס
צו די בעסטע באדינגונגען
**קארעספאנדענטען אין אלע לענדער פון דער וועלט.**

בנק אשראי, א״י בע״מ, חיפה
רחוב הרצל, הדר הכרמל ת.ד. 950 טעל. 344
טעלעגראם־אדרעס: "Ashraibank" Haifa

---

## האטעל «תל־אביב» אין תל־אביב, רחוב ליליענבלום 9

גרויסע באקוועמע צימערן, די בעסטע לופט. כשר עסען
אפילו למהדרין שבמהדרין, אונטער דער אויפזיכט פון ראבינאט
ווארימע און קאלטע וואננעס ביליגע פרייזען.

---

## «דהלבוש» מי נבון

פאבריק און לאגער פון מענער־קליידער
תל־אביב, רחוב נחלת בנימין 15
דער גרעסטער אויסוואהל פון ענגלישע שטאפען, ס׳ווערען
אויך אנגענומען באשטעלונגען פון אייגענע שטאפען. —

# מ׳ דיזענגאף & קאמפ׳

| יפו (צענטראלע) | חיפה | ירושלים | בירות |
|---|---|---|---|
| P. O. B. 252 | P. O. B. 300 | P. O. B. 846 | P. O. B. 816 |
| טעל. 405. 406 | טעל. 509 | טעל. 341 | טעל. 32-18 |

## שיפס-אגענטורען
## רעפרעזענטאנצען
## אסעקוראציעס.

**שיפס=אגענטורען פון פאלגענדע ליניעס:**

פויליש-ארץ־ישראל ליניע פון פויליש־טראנסאטלאנ־
טישען שיפס געזעלשאפט אק׳ ג׳
(ליניע גדיניא־אמעריקא) ווארשא.
אמעריקאן עקספארט ליין – ניו־יארק.
Armement DEPPE S. A. – אנטווערפען
לאוריצען ליין – קאפענהאגען
ג׳ און ט׳ מאברא ־אלעקסאנדריא.

**רעפרעזענטאנץ פון פאלגענדע פירמעס:**

Lourié & Co., Pinsk
Stewarts & Lloyds, Birmingham
Johnson & Clapham (Export) Ltd. London
Davum Exportation, Paris
Andre Fils, Paris
G. Dumont & Frères, Liege
Pirelli, Milano
Harry Catchpole Co. Lowestoft
Maple Leaf Milling Co., Toronto
Rosenberg Bros., San Francisco
Munksunds & Co. Lulea
Schreiber & Neffen, Wien
Vereinigte Papierindustrie A.G., Wien
Anth. B. Nilsen & Co., Oslo
Mitsubishi Trading Co., Takyo
Mitsui Bussan Kaisha Ltd., Alexandria

אסעקוראציעס:

The London Assurance A.D. 1720, London

Obejmiemy reprezentacje firm polskich

## די פיזישע סטרוקטור פון ארץ־ישראל

דאס גאנצע לאנד שט״יט העכער אויף מזרח זייט, און נידריגער ביים ברעג ים פון מערב זייט.

די גאנצע מזרח זייט פון ארץ־ישראל איז דורכגעשניטען אין טאהל פון ירדן (עמק הירדן) דורך דעם ירדן וועלכער צוטיילט ארץ־ישראל אויף 2 חלקים. אויף ציסיארדאניע (ד.ה. דאס היינטיגע ארץ־ישראל) און אויף טראנסיארדאניע (עבר־הירדן).

דער ירדן נעמט זיין אנפאנג אין די בערג לבנון, פון וואנעט ער פליסט דורך דעם מי־מרום, ציהט זיך ווייטער דורך דעם כנרת און פאלט אריין ערשט אין דרום, טיעף אין דעם טויטען מעהר (ים־המלח).

ארץ־ישראל טיילט זיך פון צפון ביז דרום אויף 3 טיילען: 1) די בערג פון גליל, וועלכע זיינען צוטיילט אויף גליל עליון און גליל התחתון. דער טאהל פון עמק יזרעאל טיילט איהם פון 2) די בערג פון שומרון (הרי שומרון) און 3) די בערג פון יהודה.

## די גרענעצן פון ארץ־ישראל

די נאטורעלע און היסטארישע גרענעצן פון ארץ־ישראל זענען בעדייטענד גרעסער ווי די היינטיגע — דורך דעם מאנדאט באשטעטיגטע גרענעצן פון לאנד.

לויט די אפיציעלע גרענעצן, געפונט זיך ארץ־ישראל צווישען דעם מיטל־לענדישען ים (ים התיכון) פון מערב זייט, דעם פאס פון עכו אויפן ברעג ים, דורך די יודישע קאלאניע מטולה (דער העכסטער גרענעץ פונקט פון צפון) ביז צום ירדן—פון צפון זייט. דער עמק־הירדן און דער סירישער מדבר פון מזרח. דאן די ליניע דורך באר־שבע ביז צום ים־התיכון צוריק — איז דער דרום גרענעץ פון לאנד.

די אונטער די ליניע ליגענדע לענדער געהערען צו מצרים און העדזשאס.

די צפון גרענעצען פון לאנד זענען באשטעטיגט געווארען דורך דער אונטערשרייבונג דעם געמיינזאמען בריטיש־פראנקרייכישען פאקט דעם 23 דע־צעמבער 1920 יאהר.

די גרענעצענדע שטחים געהערען שוין צו דעם פראנקרייכישען מאנדאט.

# די יודישע דערפער אין ארץ־ישראל

(מושבות, מושבים, קבוצות וכו׳)

| | גע־גרינדעט | נפשות | דונאם |
|---|---|---|---|
| אבן־יהודה | תרצ״ב | 50 | 2000 |
| אילת השחר | תרע״ז | 103 | 4400 |
| באר טוביה | תרנ״ו | 206 | 6000 |
| באר יעקב | תרע״א | 200 | 2000 |
| בית־אלפא | תרפ״ג | 160 | 3500 |
| בית־גן | תרס״ד | 140 | 5000 |
| בית־חנן | תרפ״ט | 180 | 1800 |
| בית־שערים | תרפ״ז | 10 | 1000 |
| ביתניה | תרע״ג | 35 | 900 |
| בלפוריה | תרע״ט | 250 | 13000 |
| בני־ברק | תרפ״ד | 1100 | 1500 |
| בנימינה | תרפ״ג | 700 | 7000 |
| בן־שמן | תרס״ו | 350 | 1200 |
| בת־שלמה | תר״נ | 86 | 4300 |
| גבע | תרפ״ג | 120 | 2000 |
| גבעת ברנר | תרפ״ח | 200 | 1300 |
| גבעת חיים | תרצ״ב | 10 | 1200 |
| גבעת עדה | תרס״ב | 150 | 6600 |
| גבת | תרפ״ו | 100 | 5600 |
| ג׳דה | תרפ״ה | 60 | 500 |
| גדרה | תרמ״ד | 200 | 9100 |
| גן־הדר | תר״צ | 70 | |
| גן־השרון | תרפ״ח | 20 | |
| גן־חיים | תרפ״ח | 100 | 2300 |
| גן־יבנה | תרצ״ב | | 2000 |
| גן־רש״ל | תרפ״ז | | |
| גן־שמואל | תרנ״ד | 60 | 900 |
| גניגר | תרפ״ג | 110 | 4700 |
| גשר־נחלים | תרפ״ג | 300 | 3900 |
| גת־רמון | תרפ״ו | 150 | 800 |
| דגניה א׳ | תר״ע | 150 | 2300 |
| דגניה ב׳ | תר״פ | 130 | 1700 |
| הדר | תרפ״ח | 100 | 4000 |
| הר־טוב | תרנ״ו | 130 | 3700 |

| | גע־גרינדעט | נפשות | דונאם |
|---|---|---|---|
| הרצליה | תרפ״ה | 1230 | 14000 |
| ואדי־חווארית | תרצ״ב | 800 | 41000 |
| זכרון־אברהם (?) | תרפ״ה | | 700 |
| זכרון־יעקב | תרמ״ב | 1250 | 21000 |
| זרעוניה | תרפ״ג | 25 | 2500 |
| חדרה | תרנ״א | 3400 | 44000 |
| חולדה | תרס״ט | 50 | 200 |
| חפצי־בה | תרפ״ג | 110 | 2150 |
| חרות יהודה | תרצ״ב | | 1200 |
| טירה | תרע״ח | 30 | 2500 |
| יבנאל | תרס״ב | 400 | 15000 |
| יגור | תרפ״ה | 120 | 3000 |
| יסוד המעלה | תרמ״ג | 160 | 12000 |
| ירקונה | תרצ״ג | 120 | 530 |
| כנרת המושבה | תרס״ט | 260 | 7000 |
| כנרת הקבוצה | תרס״ט | 120 | |
| כפר אהרון | תרפ״ו | 50 | 250 |
| כפר אוריה (?) | תרע״ב | | 1000 |
| כפר ביל״ו | תרצ״ג | 60 | |
| כפר בראנדייס | תרצ״ג | | 400 |
| כפר ברוך | תרפ״ה | 175 | 4800 |
| כפר גדעון | תרפ״ד | 50 | 5700 |
| כפר גון | תרפ״ו | 60 | 3000 |
| כפר גלעדי ותל־חי | תרע״ז | 90 | 3000 |
| כפר גנים | תרפ״ו | 310 | 2500 |
| כפר החורש | תרצ״א | 20 | 1000 |
| כפר ויתקין | תרצ״ב | 400 | 3500 |
| כפר ותיקים | תרצ״ב | | |
| כפר חטין | תרפ״ד | | 4000 |
| כפר חסידים | תרפ״ה | 430 | 9300 |
| כפר יהושע | תרפ״ז | 275 | 5000 |
| כפר יונה | תרצ״ג | | 500 |
| כפר יחזקאל | תרפ״ב | 430 | 5000 |
| כפר ילדים | תרפ״ד | 125 | 1000 |

| | גע־גרינדעט | נפשות | דונאם |
|---|---|---|---|
| כפר נחמן | תרצ״ג | | |
| כפר סבא | תרס״ה | 1600 | 7300 |
| כפר תבור | תרס״ב | 310 | 11100 |
| כרכור | תרע״ג | 300 | 14600 |
| מאיר־שפיה | תרנ״ב | 180 | 400 |
| מגדיאל | תרפ״ד | 750 | 6500 |
| מגדל | תרע״א | 270 | 700 |
| מוצא | תרנ״ד | 150 | 700 |
| מזרע | תרפ״ד | 95 | 2100 |
| מחנה־יהודה | תרס״ח | 480 | 500 |
| מחנים (?) | תרנ״ט | | |
| מטולה | תרנ״ו | 200 | 10000 |
| מנחמיה | תרע״ב | 180 | 6000 |
| מצפה | תרע״ב | 70 | 2500 |
| מקוה־ישראל | תר״ל | 380 | 2600 |
| מרחביה המושב | תרס״ט | 240 | 6800 |
| מרחביה הקבוצה | תרס״ט | 84 | 4300 |
| מרץ | תרצ״ג | | |
| משמר הירדן | תר״נ | 100 | 7200 |
| משמר העמק | תרפ״ז | 120 | 5000 |
| נהלל | תרפ״ב | 650 | 8500 |
| נהרים | תרפ״ח | 200 | |
| נוה־יעקב | תרפ״ה | 100 | 800 |
| נחליאל | תרע״ב | 180 | |
| נחלת־גנים | תרפ״ה | 80 | 300 |
| נחלת־השבים | תרצ״ב | | 1000 |
| נחלת־יהודה | תרע״ג | 260 | 870 |
| נחלת־יצחק | תרפ״ה | 140 | 400 |
| נטעים | תרצ״ב | | |
| נטע נאמנים | תרצ״ג | | |
| נס־ציונה | תרמ״ב | 1400 | 4400 |
| נענה | תרצ״א | 160 | 250 |
| נתניה | תרפ״ח | 500 | 3000 |
| סג׳רה | תרס״ח | 162 | 7700 |
| עטרות | תרע״ד | 210 | 1300 |
| עין־גנים | תרס״ט | 340 | 1000 |
| עין־החורש | תרצ״ג | 100 | 740 |
| עין־ורד | תרצ״ג | 100 | |
| עין־זיתים (?) | תר״נ | | |

| | גע־גרינדעט | נפשות | דונאם |
|---|---|---|---|
| עין־חי | תרפ״ב | 250 | 2000 |
| עין־חרוד | תרפ״ב | 580 | 10000 |
| עיר־שלום | תרפ״ה | 450 | 2000 |
| עקרון | תרמ״ג | 380 | 11500 |
| עתלית | תרע״ב | 300 | 1200 |
| פקיעין | | 62 | |
| פרדס חנה | תרפ״ט | 300 | 20000 |
| פתח־תקוה | תרל״ח | 8000 | 30000 |
| קבוצת שילר | תרצ״ב | 85 | 100 |
| קדימה | תרצ״ג | | |
| קיסריה (?) | תרפ״ו | | |
| קלמניה | תרפ״ז | 30 | 1200 |
| קרית־ענבים | תרע״ג | 110 | 500 |
| קרית־שאול | תרפ״ג | 25 | 260 |
| ראשון־לציון | תרמ״ב | 2700 | 17000 |
| ראש־פנה | תרמ״ב | 460 | 17400 |
| רוחמה (?) | תרע״א | | |
| רחובות | תר״נ | 4000 | 14000 |
| רמת־גן | תרפ״ה | 1600 | 20000 |
| רמת־דויד | תרצ״א | 100 | 4500 |
| רמת הצפון | תרצ״ב | 50 | 3000 |
| רמת טיומקין | תרצ״ג | | |
| רמתים | תרפ״ה | 250 | 4000 |
| רעננה | תרפ״ד | 900 | 10000 |
| שיבת־ציון | תרס״ח | 300 | |
| שיך־אבריק | תרפ״ה | 50 | 4000 |
| שכונת ברוכוב | תרפ״ב | 750 | 600 |
| שכונת יעקב | תרפ״ט | 70 | 100 |
| שכונת מונטיפיורי | תרפ״ב | 900 | |
| שערים | תר״ס | 520 | |
| שרונה | תרפ״ט | 40 | |
| שריד | תרפ״ו | 65 | 3000 |
| תל־אלון | תרצ״א | | |
| תל־יוסף | תרפ״ב | 260 | 6000 |
| תל־מונד | תרפ״ט | 180 | |
| תל־עדשים | תרע״ד | 270 | 7000 |
| תל־צבי | תרצ״א | | |
| תל־צור | תרצ״ג | | 1400 |

# א נייע וויכטיגע אונטערנעהמונג!

אין תל־אביב, שדרות רוטשילד 4, האט אנגעהויבען איהר טעטיגקייט די נייע אקציען־געזעלשאפט «דער ארץ־ישראל׳דיגער ללאיד» פאר אסעקוראנץ און רעאסעקוראנץ. איהר גרונט־קאפיטאל איז 100,000 פונט, פון וועלכע 40 פרא־צענט איז שוין איינגעצאהלט געווארען אין באאר.

די געזעלשאפט גאראנטירט כלערליי אונגליקס־פאלען, פייער־פארזיכערונג, ארבייטער־באפרײדיגונג, אסעקוראנץ פון טראנספארטען א. ד. ג. דער «ארץ־ישראל ללאיד» האט זיך געשטעלט אלס צוועק זיין גאנצן גרונט־קאפיטאל, ווי אויך אלע הכנסות לאקירען אין ארץ־ישראלדיגע אונטערנעהמונגען, אויף אזא ארט איז זיווירקליך די ערשטע און איינציגע אונטערנעהמונג, וואס האט א ריינע נאציאנאלע טענדענץ. אלס הויפט איניציאטארען פון דער געזעלשאפט זענען דער באנק־דירעקטאר י. ראבינאוויץ פון תל־אביב, ווי אויך דער ה׳ סאלניק פון לאנדאן, וועלכער האט פיעל מיטגעהאלפען צו פארווירקליכען די איניציאטיווע אין לאנדאן. אין דער געזעלשאפט באטייליגען זיך אויך פיעל באקאנטע פינאנ־סיסטען פון ענגלאנד, און צווישען זיי די מיטגליעדער פון «לאנדאנער ללאיד».

פוילישע רייזע־ביורא

# "ORBIS"

די צענטראלע אין ווארשע

אבטיילונגען אין אלע
הויפטשטעדט פון פוילען

ווי אויך אין די איראפעאישע לענדער



אין קורצען ווערען געעפענט
איהרע אבטיילונגען
אין ארץ-ישראל

# „הארץ"

## עתון יומי, נוסד בש' 1918

### המו"ל הוצאת „חיים" חברת מניות בע"מ

העתון הכי גדול בצורתו ותכנו והיותר נפוץ בארץ־ישראל,
: : ביחוד בערים הגדולות, תל־אביב, ירושלים וחיפה : :

הוספה שבועית מיוחדת לעניני חקלאות, תעשיה, מסחר ומלאכה
: : «חיינו הכלכליים» : :

בעתון משתתפים טובי הסופרים בארץ, וסופרים אנשי שם מפורסמים
: : וקורספונדנטים מכל העולם : :

**המערכת והוצאת העתון:**

תל־אביב, רחוב מזא"ה 54, טלפון 612, ת.ד. 233

**סניפים:**

| | | | |
|---|---|---|---|
| תל־אביב, | רחוב מונטיפיורי 27, | טלפון 612, | ת. ד. 233 |
| ירושלים, | רחוב יפו, בית אמינוב, | טלפון 463, | ת. ד. 273 |
| חיפה, | רחוב הנמל, בית מקובר, | טלפון 254, | ת. ד. 398 |

סוכנויות בכל ארץ־ישראל.

סוכנויות בחו"ל: לונדון, פריז, קובנה, אלכסנדריה, קהיר, בירות ועוד.

מחיר החתימה: בארץ — לשנה 1.800 לא"י, לחצי שנה 900 מיל,
לרבע שנה 450 מיל.
בחוץ לארץ — לשנה 3 ליי"ש, לחצי שנה 1.12.0 ליי"ש,
לרבע שנה 0.18.0 ליי"ש.

---

# געבר. אראנזאן אין תל־אביב

**אלענביי גאס 115A** — **P. O. B. 910**

אנגרא און דעטאל־פארקויף פון די בעסטע וואלענע
ווארע, פון ענגלישע און שאטלענדער פאבריקען.

אלץ צו די עכטע פאבריקס־פרייזען פון 2 Lp. (Zl. 55) פאר א קופאן